


Żydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego czwartku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. = 5 Rbs. Półrocznie 5 K. = 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.



Judische Illustrierte Zeitung

ערשיינט יעדען דאנערסטאָג.

אבאנאמענטס-פּרייז: יעהרליך: 10 קראָנען. — 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראנען, 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער 10 קאָפּ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראָדזקא 62 טעלעפאָן נ' 412.
עסקאָנטאָ. פּאָסטשפּאַרקאַסען-קאָנטאָ נר' 57,341.

הויפּטפּערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, מיאדאווא נ' 12 פיליע אין לאדז: פּרזעיאזד נ' 16

# דאס עסטערדייכישע פארלאמענט געשלאָסען.

דאס עסטערדייכישע פארלאמענט געשלאָסען: 1 (אונטען): דער מיניסטער-פּרעזידענט באראן ביענערטה איבערגיבט דעם פרעזידענט פון רייכסראטה דר. ווייסקירכנער דאס דעקרעט, אז דער רייכסראטה ווערד געשלאָסען. 2 (אויבען). צווישען טשעכישע און אנטיסעמיטישע דעפוטירטע ברעכט אויס א שלעגעריי.

**אינהאלט:** דאס עסטערדייכישע פארלאמענט געשלאסען — עסטערדייך און סערביען — דער נייע פרעזידענט פון אמעריקא — נייע רוסישע מיניסטער — די יודען אין ארץ-ישראל — פייער שיפען מיט א מאל — נישט-נארמאלע מענשען — די פלאַשאַס אין אבאסיניען — ערנסט העקעל — יודישער מיניסטער או. ז. וו.

# דער עסטעררייכישער רייכס־ראטה געשלאסען.

די קריזע אין עסטעררייך, וועלכע שלעפט זיך שוין זייט עטליכע חדשים, האט שליעסליך געפיהרט דאצו, אז דער רייכס־ראטה איז לעצטען פרייטאג געשלאסען געוואָרען.

די רעגיערונג האט פאר זיך געהאט צוויי וועגען: אדער צו רעמיסאניר׳ען, אדער דעם רייכסראטה אויפצולעזען. אט אזוי איז מען זיך נוהג אין אלע פארלאמענטאריש רעגירטע לענדער. ווען די רעגיערונג בעזיצט נישט אים פארלאמענט די מאיאריטעט, כדי צו קענען דורכפיהרען די נויטהיגע געזעצע, מארט זי פלאץ איין אנדערער רעגיערונג, אדער מען הייסט די וועהלער וועהלען נייע דעפוטירטע.

אין עסטעררייך איז דאס נישט געשעהען. אויפלעזען דעם רייכס־ראטה און אויסשרייבען נייע וואהלען, וואלט נישט פיעל געהאלפען. די פארטיי־פערהעלטניסע אים נייעם רייכסראטה וועלען זיכער זיין מעהר־וועניגער דיעזעלבע ווי איצט. אפשר נאך ארגער, ווייל עס וועלען געוועהלט ווא־ען נאך מעהר ראדיקאלע שרייער און פיסקאטשעס.

די רעגיערונג האט אבער אויך נישט דעמיסאנירט, ווייל אויך א נייע רעגיערונג וועט דא נישט קענען העלפען. די קריזע האט זיך שוין אזוי ווייט ענטוויקעלט, אז מיט א בלויזען מיניסטער־וועקסעל איז נישט צו העלפען. אויב עס זיצט פאראן ביענערטה, אדער עס וועט זיצען באראן גויטש אדער איין אנדערער איבענאן, איז קיין ישוע נפקא־מינה נישט.

און איבערדעם האט מען געוועהלט א מיטעלוועג: דער רייכסראטה איז נישט אויפגעלעזט געווארען, נאר מען האט די סעסיע געשלאסען און געשיקט די דעפוטירטע אויף אורלויב, אויב איהר ווילט נישט און קענט נישט ארבייטען, נעמט־זשע וועניגסטענס נישט קיין געלד אומזיסט; 516 מענשען בעקומען צו 20 קראנען א טאג, דאס מאכט איים 10,320 קראנען טעגליך, מאנאטליך 309,600 קראנען — אזויפיעל געלד צו בעצאהלען היין בעהייצונג, בעלייכטונג און אנדערע קליינע הוצאות, פאר נאר נישט, איז טאקי נישט כדאי...

די רעגיערונג האט די דעפוטירטע אין די לעצטע צוויי יאהר א ביסעל פערוועהנט, אפילו אין די פער־יען פלעגט זי די סעסיע נישט אפיציעל פערטאגען, נאר די זיצונגען אונטערברעכען, כדי די דעפוטירטע זאלען קענען בעקומען זייערע דיעטען אויך ווערענד די פעריען. אצינד האט מען אבער די סעסיע נישט בלויז פערטאגט, נאך אויך געשלאסען, נישט בלויז הערען אויף פאר די דעפוטירטע די מאטעריעלע הכנסות, נאר אויך זיי פערליערען די אימוניטעט, מען קען די דעפוטירטע אנקלאגען און פעראורטהיילען, אלע אנטרעגע וועלכע מען האט איינגעברענגט אין רייכס־ראט, פערליער־ען זייער גילטיקייט, אלע געזעצע, וואס מען האט פארגעלעגט, ווערען בעטראכט ווי נישט פארהאנען, אלע קאמיסיעס הערען אויף צו עקסיסטירען. אויך דאס פרעזידיום מוז געוועהלט ווערען אויפ׳ס ניי. בקצור עס הייבט זיך אלעס נאך א מאל אן פון אנהויב.

וואס האט אבער דאמיט די רעגיערונג אויפגעטהון? ווען עס האט זיך איהר געהאנדעלט וועגען דעם, פטור צו ווער׳ען פון די דרינגליכקייטס־אנטרעגע, וואס האבען פערלעגט די טאגעסארדנונג און נישט דערלאזט, מען זאל פערהאנדלען איבער די וויכטיגסטע אנגעלעגענהייט, האט זי זיך מיט דעם שליעסען פון דער סעסיע נאר נישט געהאלפען. קוים וועט די סעסיע ווידער ווערען איינבערופען, וועלען קומען נייע דרינגליכקייטס־אנטרעגע און דאס שפיעל וועט זיך אנהייבען אויפ׳ס ניי. דאצו וועט נאך די ניי־וואהל פון פרעזידיום און פון די קאמיסיעס, דאס נאך־אמאליגע פארלעגען פון בודשעט און די דורכפיהרונג פון א פרישער געגעראל־דעבאטע או. ז. וו. רויבען זעהר פיעל צייט...

דער איינציגע נוצען, וועלכען די רעגיערונג קען האבען פון איהר שריט, איז נאר דער, אז זי וועט דורכפיהרען עטליכע וויכטיגע געזעצע מיט דעם פאראגראף 14, יענעם נויטה־פאראגראף, לויט וועלכען די רעגיערונג מעג דעמילט, ווען דער רייכס־ראטה איז נישט פערזאמעלט, איינפיהרען פראוויזאריש דרינגענדע געזעצע, וואס בעלאסטען נישט אויף תמיד דאס בודשעט. די רעגיערונג וויל אפשר ווייזען דעם רייכס־ראטה, אז כשעת־הדחק קען מען זיך אויך אהן איהם בעגעהן... אויב דאס וועט אבער דעם רייכסראטה מאכען בעסער און רוהיגער, איז א נ׳אנדער־ע פראגע...

* * *

העכבעינגעפיהרט די שליעסונג פון דער סעסיע האבען די טשעכיש־ראדיקאלען, א פארטיי פון קוים 10 דעפוטירטע, אבער דאפאר גרויסע עזות־פנים׳ער, שרייער׳ס





דער עסטעררייכישער רייכסראטה געשלאסען: די טשעכיש־ראדיקאלע דעפוטירטע פיהרען אויף א קאנצערט מיט זייערע אבשטרוקציאנס־אינסטרומענטע.

סערביען און עסטרייך־אונגארן: א סערבישע פרוי ווערד פערסאלגט אויף די שטראסען פון בעלגראד, ווייל זי טראגט קליידער וואס שטאמען פון עסטערייך.

אין פיסקאטשעס. וועלכע האבען פאר קיינעם קיין דרך־ארץ נישט, זיי האבען זיך מיטגעבראכט אין פארלאמענט פייקען, בלעכערנע טאצען, גראגערים, פייפערליך, ציעה־הארמאניקאס און אנדערע שפיעל־אינסטרומענטע און האבען שעה'ן־לאנג אויפגעפיהרט אזא מין קאנצערט, אז עס איז נישט מעהר געווען צום אויסהאלטען. עטליכע מאל האבען זיי אזוי געטהון אים לויפע פון דער פאריגער וואך, אבער יעדעסמאל איז עס נאך ווי־ס'איז געלונגען, מיט זיי אפצושליסען א שטיקעל קאמפראמיס, ווי זאלען אויפגעבען דאס קאנצערט.

דאנערשטאג און פרייטאג איז דאס שוין נישט מעהר געלונגען. די רעגירונג האט אין לעצטער צייט ארויסגעגעבען א ערלאס וועגען די שפראכען־פראגע ביי דער פאסט אין בעהמען. דער ערלאס בעשטימט, אז די אינערע אמטס־שפראכע דאס הייסט דער פערקעהר צווישען איין פאסט־אמט מיט'ן צווייטען, מוז זיין דייטש. נאר ביי די קליינע פאסט־אנשטאלטען, אין די דערפער וכדומה, וואו עס זענען נישט פארהאנען קיין קוואליפיצירטע בעאמטען, איז אויך די טשעכישע שפראכע צולעסיג. די טשעכען האבען זיך געפונען בעליידיגט דורך דעם ווארט צולעסיג. ווייל זיי פערלאנגען, עס זאל הייסען בערעכטיגט. טענה'ן אבער די דייטשען, אז דאס איז איין און דאסועלבע, צולעסיג און בערעכטיגט האבען דיזעלבע בעדייטונג... דאס איז אפילו לאדרוקא, בערעכטיגט הייסט לכתחילה מעג מען שרייבען טשעכיש. צולעסיג הייסט נאר, אז בדיעבד מעג מען דאס טהון... אבער עיקר הדבר איז טאקי נאר קיין שום חילוק נישט. עס איז דאך א פאקט, אז די קליינע פאסטעמטער מעגען קארעספאנדירען טשעכיש און קיינער וועט זיי נישט פרעגען קיין שאלות, אויב דאס איז לכתחילה אדער בדיעבד.

אין נארמאלע צייטען וואלט אזא מין קאנפליקט. אפילו אויף דעם הייסען בעהמישען בארען זיך געלאזט געווינג אויסגלייכען. אבער איצט. ווען די דייטשען און די טשעכען קוקען זיך אן מיט בייזע פנים'ער און מיט רויטע קעפ ווי די אינדיקעס, איז פון דעם קליינעם ווערטעל „צולעסיג" געווארען א גאנצע שטאאטס־פראגע. די טשעכען האבען פערלאנגט, דער לייטער פונ'ם האנדעלס־מיניסטעריום, סעקציאנסשעף מאטאיא, זאל דאס געפעהר־ליכע ווארט צוריקרופען אדער זיי וועלען איהם גישט מעהר ארייגלאזען אין רייכס־ראטה. די דייטשען האבען ווידער געטענה'ט, אז מען טאר די טשעכען נישט נאכגעבען יעדען שגעון, און אויב די רעגירונג וועט נאכגעבען, וועלען זיי זיך געהמען צו דער אבשטרוקציע...

דארויף האבען די 10 בעהמישע מוזיקאנטען אויפגעפיהרט אזא מין קאנצערט, אז עס איז נישט מעהר מעגליך געווען אויסצוהאלטען... דער לערם, און דאס געפייפערי און דאס געשווינדשערי. דאס גראגער'ן און דאס קלינגען איז געווען אזוי שרעקליך, אז זיי אליין האבען זיך געמוזט די אויערן פערשטאפען מיט וואט און אין רייכס־ראטה האט מען נישט מעהר געהערט זיין איינען ווארט...

איבער 3 שעה האט דאס דאזיגע קאנצערט דאנערשטאג געדויערט און מען האט געמוזט די זיצונג שליסען. פרייטאג, קוים עפענט דער פרעזידענט די זיצונג, האט דאס קאנצערט ווידער אנגעהויבען.

דעמילט פעריליערט שוין די רעגירונג די געדולד. מיניסטער־פרעזידענט באראן ביענערטה איבערגיבט דעם פרעזידענט א בריעף אין וועלכען ער ערקלערט מיט ערמעכטיגונג פונ'ם קייזער, דעם רייכס־ראטה פאר געשלאסען.

קוים האט דער פרעזידענט דעם בריעף פארגעלעזען, איז צווישען די טשעכיש־ראדיקאלע און די אנטיסעמיטען אויסגעבראכען א קילעריי ווי צווישען ווילדע טהיערע. זיי האבען זיך געריסען ביי די נעז, אפגעריסען די קליידער אין צופלוטיגט ווי די שכורים. עס איז נאר א ישאה, וואס די וועהלער האבען נישט צוגעקוקט, ווי אזוי זייערע פערטרעטער „קעמפפען" פאר די רעכטע פונ'ם פאלק...

* * *

מיר ברענגען אין אונזערער היינטיגער נומער א אריגינעל־בילד, פארשטעלענדיג דעם מאמענט, ווען די טשעכישע־ראדיקאלע דעפוטירטע פיהרען אויף זייער קאנצערט אם פרייטאג און ווי דער מיניסטער־פרעזידענט באראן ביענערטה איבערגיבט דעם פרעזידענט דאס דעקרעט, מיט וועלכען דער רייכסראטה ווערד געשלאסען.

א צווייטעס בילד שטעלט פאר די סצענע, ווען די טשעכען פיהרען אויף זייער קאנצערט אין דער זיצונג פון לעצטען דאנערסטאג.

[illegible] זיין פאמיליע.

די יודען אין ארץ־ישראל: יודען פון יעמען (תימני).

# די יודען אין ארץ־ישראל.

די איינפיהרונג פון דער קאָנסטיטוציע אין דער טירקיי האט דארט ארויסגערופען א „יודענפראַגע“. נישט אפשר ווייל ס׳האָט זיך אויך דארט נעבילדעט אַ אַנטיסעמיטישע פּאַרטיי, ווי אין די אייראפעאישע „ציוויליזירטע“ לענדער, וועלכע וויל די יודען אויסשליסען פון אלע רעכטע — ניין, פארלייפיג עקסיסטירט דארט אַזאַ פּאַרטיי נישט. נאר די יודען אליין מוזען בייצייטענס אויפוואַרפען די „יודענפראַגע“, איידער עס וועט זיין צו שפעט.

הויפטזעכליך וויכטיג איז דאס פאר די יודען אין ארץ־ישראל. דאס לאַנד איז זעהר שוואך בעפעלקערט און די יודען בילדען דארט שוין א גאנצען היבשען פּראָצענט־זאַץ פון דער בעפעלקערונג. אצינד, נאכדעם ווי דאס אויסוואַנדערונגס־פערבאָט האט אויפגעהערט, איז צו ערוואַרטען, אַז די יודישע בעפעלקערונג וועט זיך אים לאַנד זעהר שנעל פערמעהרען און עס איז מעגליך, אַז אין עטליכע צעהנדליגע יאהרען וועלען זיי דארט בילדען די מאַיאָריטעט. זיי מוזען זיך איבערדעם שוין איצט פארזעהען, אַז זייערע פאליטישע רעכטע זאלען נישט ווערען געשמעלערט.

שוין ביי די וואַהלען צום טירקישען פּאַרלאַמענט האבען די יודען אין ארץ־ישראל נישט געקענט דורכפיהרען קיין אייגציגען יודישען דעפּוטירטען, חאטשי זיי בילדען אַזאַ גרויסען טהייל פון דער בעפעלקערונג. די אורזאַכע דאַפון איז אין ערשטער ליניע דער פאַקט, אַז נאר זעהר ווייניג יודען פון ארץ־ישראל האבען ערוואָרבען דאס טירקישע בירגעררעכט, די מייסטע זענען בירגער פון אַנדערע שטאַאַטען, ווי רוסלאַנד, עסטערייך־אונגאַרן, רומעניען עטצ. צווישענס הערשט צווישען די אשכנזישע יודען, און צווישען די ספרדים אין זעהר פיעל פראַגען אַ אונאייניגקייט און די כחות ווערען דאדורך צעשפליטערט. די אשכנזישע יודען אַליין צעטהיילען זיך אויף רוסישע, עסטערייכישע, רומענישע, אַמעריקאנישע וכדומה און יעדע גרופע נעהט זיך איהר וועג בעזונדער; די ספרדים ווידער צעטהיילען זיך אויף טירקישע, מאראקאנישע, תימנים, בוכארער, פערזער וכדומה, און אויך צווישען זיי איז פאַראַנען פיעל אונאייניגקייט. אין פאליטישע פראַגען איז עס אבער נויטהיג. עס זאל געשאַפען ווערען אַ שטאַרקע איינהייטליכע ארגאַניזאַציע און נאר מיט אחדות קען מען עפּיס ערדייכען.

די פראַגע איז איצט נאך וויכטיגער, ווייל ווי עס הערט זיך, וועט אין דער טירקיי איינגעפיהרט ווערען אויסער דעם געמיינזאַמען פּאַרלאַמענט אין קאָנסטאַנטינאָפּעל נאך אַ געוויסע צאהל פון לאַנדטאַגע (לויט עסטערייכישען מוסטער) פאר די פערשיעדענע פּראָווינצען. ארץ־ישראל וועט בעקומען זיין איינענעם לאַנדטאַג און איבערדעם איז עס זעהר נויטהיג, די יודען זאלען זארגען בעצייטענס, צו בעקומען דארט אַ ענטשפּרעכענדע פערטרעטונג, וואס זאל שיצען זייערע אינטערעסען.

די יודישע פּרעסע איז איינשטימיג אין דער עצה, אַז די יודען, וואָס וואהנען אין ארץ־ישראל, זאלען טראַכטען צו ווערען טירקישע בירגער, אויך די נייע איינוואנדערער זאלען זעהען צו בעקומען דאס בירגעררעכט, כדי זייער איינפלוס ביי וואַהלען זאל האבען א ווערטה.

חוץ־לזה מוזען די פערשיעדענע יודען פּאַרטייען ווערען אין איין איינהייטליכער פאליטישער אָרגאַניזאַציע, וועלכע פערשיעדענהייטען עס זאלען נישט הערשען צווישען זיי וועגען רעליגיעזע און קולטורעלע אנגעלעגענהייטען, בנוגע צו די פאליטישע רעכטע מוזען זיי בילדען איין איינהייטליכע גרופּע און שיצען די רעכטע פון כלל־ישראל.

אויב עס וועט צושטאַנד קומען אַזאַ ארגאַניזאַציע וועט אויך דאס געזעלשאַפטליכע לעבען צווישען די ספרדים און אשכנזים זיך פערבעסערן און מיר וועלען נישט מעהר קיקען אויף די מאַראָקאנער, פערזער, בוכארער, יעמענער יודען, ווי אויף עפּיס פרעמדע גרופּען.

דאס לעבען פון די דאָזיגע יודען, וועגען וועלכע מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער עטליכע אַבּבילדונגען, איז זעהר אינטערעסאַנט און זיי פערדיענען מעהר בעאַכטונג זייטענס די אייראָפּעאישע יודען.

די יודען אין ארץ ישראל: יודען פון מאראקא.

די יודען אין ארץ־ישראל: יודען פון בוכארא.

# די פאלאַשאַס אין אבעסיניען.

די קראַנקהייט פון אַבעסינישען קאַיזער נעגוס מענעליק האט אַרויסגערופען אין דער גאַנצער וועלט דאס אינטערעסע צו די פאַלאשאס אין אַבעסיניען, יענע האלבפערלוירענע יודען, וואס געפינען זיך אין יענעם לאַנד און וואס זיי זאלען אבשטאַמען פון די עשרת־השבטים, וועגען וועלכע עס איז אַזוי פיעל געוואָרען געשריעבען.

מיר האבען שוין אין פאָריגער נומער וועגען זיי ערוועהנט. היינט ברענגען מיר פאָטאָגראַפישע בילדער פון די פאַלאשאַס, מענער און פרויען, לויט אַ אָריגינעלע אויפנאַהמע, וועלכע דער דייטשע דיפּלאָמאַט דר. פריעדריך ראָזען, איצטיגער דייטשער אַמבאַסאַדאָר אין מאַראָקאָ, האט פאר 4 יאהר אויף זיין רייזע אין אַבעסיניען געמאַכט.

אונזערע אילוסטראַציעס שטעלען פאר בילדער פון פאַלאשאַ־מענער און פאַלאשאַ־פרויען און דר. ראָזען שרייבט איבער זיי פאָלגענדעס:

„די פאַלאַשאַס האבען אין לעצטער צייט פערלאָרען זייערע לאַנגיעהריגע וואהנונגען און האבען זיך צווישען די בערג נעבויט נייע דערפער, ווייל די אַראַבער פערפאַלגען זיי זעהר שטאַרק. זיי האבען שטאַרק מורא בעקומען פאר יעדען פרעמדען און האָטשי מיר זענען נעבען בעגלייטעט פון צוויי פאַלאשאַ׳ס, האט אונזער ערשיינונג די דאָרף־בעוואָהנער שטאַרק איבערגעשראָקען. מיר האבען נעמלוך אונזערע בעוואַפענטע בעגלייטער איבערלאַזען אויסערהאלב פונ׳ם דאָרף און ערשט נאכדעם, ווי מיר האבען די פאַלאשאַ׳ס איבערגעגעבען פערשיעדענע געשענקע, האבען זיי זיך א ביסעל בערוהיגט.

ווי עס זעהט אויס, לעבען די פאַלאשאס אין גרויס אָרימקייט. זייערע געזיכטסציגע זענען נישט בעזונדערס שעהן. זיי זענען צומייסט מוירער און טעפּער, שפּעציעל אין דער טעפּפערייע זענען זיי גרויסע קינסטלער. זיי וואַנדערן אויך אַרום אַלס טישלער און שלאָסער אין די אַרומליגענדע דערפער. פריהער האבען זיי בעטריבען פערשיעדענע אינדוסטריע, די אייניציגע, וועלכע עקזיסטירען אין אַבעסיניען, זינטדעם אבער מען האט זיי אין די לעצטע יאָהרען אנגעהויבען צו פערפאלגען און צו צווינגען, אנצונעהמען דאס קריסטענטהום, האבען זיי זיך צוריקגעצויגען אין ענטלעגענע דערפער צווישען די בערג און דאס ביסעל אינדוסטריע האט אויפגעהערט.

לויט זייערע איינענע ערצעהלונגען שטאַמען די פאַלאשעס פון ריעיגענע יודען, וואס זענען מיט מענעליק דעם ערשטען, דעם זוהן, וועלכען די מלכה־שבא האט געהאט פון שלמה המלך, אריבערגעקומען קיין אַבעסיניען. עס זעהט אבער אויס, אַז זיי זענען קיין אייגענטליכע יודען, זיי שטאַמען פיעלמעהר ענטנאָנראָפיש פון די כאַמיטישע פעלקער (שבט חם) אב. זייער טיפּוס איז אויך איין אַפריקאַנישער. זיי זענען שטאַמס־פערוואַנד מיט דעם שבט אַקוי, וועלכער בעפאַסט זיך מיט אַקערבוי.

די פאַלאַשאַס זענען פיעל פליַיסיגער, ניכטערנער און זיטליכער פון דער איבריגער אַבעסינישער בעפעלקערונג. א לאַנגע צייט האבען זיי דארט געבילדעט קליינע זעלבשטענדיגע שטאַאַטען אונטער דער הערשאַפט פון אייגענע פירסטען. זייער הויפטזיץ איז געוועזען אין דעם שווער צוגענגליכען האכגעבירג סעמיען. דארט האט אויך געהערשט די זאָגענהאַפטע פּרינצעסין יהודית (מאנכע רופען זי אסתר), וועלכע האט זיך אויסגעצייכנעט דורך שעהנהייט, קלוגהייט און גרויזאַמקייט. זי האט די אייגענס-

יודען אין ארץ-ישראל: א יודישער טרעגער אין ירושלים.

ליכע אבעסינישע דינאסטיע, וואס בעהויפטעט אבצושטאמען פון שלמה המלך, איז יאהר 909 געשטירצט און דאס גאנצע לאנד אינטעריאכט. זי האט 400 מיטגליעדער פון דער קעניגליכען פאמיליע גענומען געפאנגען און זיי אלע געלאזט טעדטען, עס איז אבער געבליבען איין פרינץ פון דער פאמיליע ביים לעבען, און ער האט זיך גערעטעט קיין שאא. וואו די פאמיליע איז געבליבען ערהאלטען ביז צום יאהר 1270, ווען עס איז איהר געלונגען, וויעדער איבערצונעהמען די רעגירונג.

די פאלאשאס האלטען יודישע מנהגים, אבער זיי קענען קיין העברעאיש. זיי בעזיצען די תורה, געשריעבען אין דער אלטער עטהיאפישער שפראכע, דער „גיז"-שפראכע. דר. ראזען האט אויך געהאט געלעגענהייט, צו שפרעכען מיט דעם פא-שטעהער (חכם) פון די פאלאשען. ער האט איהם געוויזען די סינאגאגע, א רונד איינפאך געביידע, וואס זיין פוס-באדען איז מיט פריש גראז בעדעקט. דער אלטע, עהרווירדיגע, האלב בלינדע גרייז האט איהם אויך געוויזען זייער תורה, וועלכע איז געווען שטרענג בעהאלטען ביי איהם צו הויז, טלתים. אדער אנדערע רעליגיעזע קליידער האבען זיי נישט.

די פאלאשא-פרויען טראגען אויף דעם האלז א לעדערנעם ריעמען, מיט גלאדפערל אדער מיט א רינג, וועהרענד די קריסטליכע פרויען טראגען א בלויעם שנור.

אויב עס וועט געלונגען די בעמיהונגען פון די אייראפעאישע יודען, צו טרעטען מיט די פאלאשען אין נעהערע בעציעהונגען, איז מעגליך, אז מיר וועלען פון זיי מעהר געוואהר ווערען, זיי זענען זעהר מיסטרויאיש און ווילען פאר פרעמדע נישט אויסזאגען זייערע געהיימניסע זוי אויך נישט ווייזען זייערע הייליגע שריפטען.

# נייע מיניסטער אין רוסלאנד.

אין לעצטער צייט הערט זיך אפט, אז עס וועט באלד פארקומען אין רוסלאנד א ענדערונג אים מיניסטער-קאבינעט און אז אפילו דער מיניסטער-פרעזידענט סטאליפין וועט דעמיסיאנירען. מען רופט שוין אויך אן זיינע נאכפאלגער. צווישען זיי אויך דעם גראף וויטע.

לעת-עתה האבען זיך דיעזע ידיעות נישט בעשטעטיגט. סטאליפין שטעהט פעסט אויף זיין פלאץ און אויך די מאסגעבענדע קרייזע זעהען, ווי עס זעהט אויס, מיט איהם צופריעדען.

דאגעגען איז אים מיניסטארען-קאבינעט פארגעקומען ענדערונגען און צוואר האבען דעמיסיאנירט דער מאריגע-מיניסטער און דער האנדעלס-מיניסטער. אויף זייערע שטעלע איז ערנאנט געווארען דער ארמיראל וואיעדאווסקי צום מארינעמיניסטער און דאס מיטגליעד פונם רייכס-ראטה וו. י. טירמיאשעוו צום האנדעלס-מיניסטער. אדמיראל וואיעדאווסקי איז אלט 50 יאהר און גילט אלס איינער פון די בעסטע קענגער דעם מארינעוועזענס, דער נייע האנדלסמיניסטער טירמיאשעוו איז אלט 64 יאהר און ער געהערט צו די בעקאנטעסטע שטאאטסמענער פון רוסלאנד. א לאנגע צייט איז ער געווען דער פערטרעטער פון ריסישען פינאנצמיניסטעריום אין בערלין און ביים אבשליעסען פון לעצטען רוסיש-דייטשען האנדעלס-פערטראג האט ער גענומען גרויסען אנטהייל.

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר די פאטאגראפיעס פון די ביידע נייע רוסישע מיניסטער.

# פיער שיפען מיט א מאל.

אין פריהערע צייטען איז דאס פאהרען מיט דעם שיף פערבונדען געווען מיט די גרעסטע געפאהרען. ווער עס האט געמוזט אונטערנעהמען א רייזע אויפ'ן ים, פלעגט זיך געזעגנען מיט'ן לעבען, נישט. ווייל עס זענען דעמאלט מעהר אונגליקס-פעלע פארגעקומען ווי היינט. דאס איז לאור-יוקא. נאר דער פחד, די מורא. דער שרעק איז געווען פיעל גרעסער און ווען עס האט פאסירט א שיף אויפ'ן ים א אונגליק, זענען שוין טאקי אלע פאסאזשירע געווען פערלוירען.

די זעע-קראנקהייט פלעגט אויך שטארק אבשרעקען אלע רייזענדע און נישט איינער האט ליעבער אויף דער רייזע פערציכטעט, איידער זיך אויסצוזעצען דיעזער מיאוס'ן קראנקהייט.

די רייזע האט אויך זעהר לאנג געדויערט און דאס האט אויף די נערווען פון די רייזענדע שטארק געווירקט.

אין נייעסטער צייט ווערען אלע דיעזע געפאהרען וואס א מאל קלענער.

די רייזע דויערט שוין נאנין ווייניג, וואס א מאל בויעט מען גרעסערע שיפע מיט שטארקערע מאשינען, וועלכע פאהרען שוין ביז צו 30 זעע-מייל אין א שעה און די רייזע קיין אמעריקא, למשל, דויערט שוין קוים 4—5 טאג. קעגען דער זעע-קראנקהייט האט מען שוין געפונען פערשיעדענע מיטעל און וואס גרעסער דאס שיף איז, אלץ ווייניגער קומט זי פאר, ווייל דאס שאקלען איז געריגגער.

די אונגליקס-פעלע אויפ'ן וואסער קומען אויך אצינד זעלטענער פאר. און ווען עס טרעפט זיך אפילו א מאל א שיף א אונפאל, איז עס נישט מעהר רעטונגס-לאז פערלוירען. די מייסטע שיפען זענען איצט איינגעריכטעט מיט טעלעגראפיע אהן דראהט. א אונפאל, וואס פאסירט א שיף, ווערד באלד בעקאנט אויף הונדערטער טעלעגראפישע שטאציאנען און פון אלע זייטען איילט מען, דאס שיף צו ראטעווען. אזוי איז אויך געשעהען פאריגע וואך וואו א שיף מיט 370 פאסאשירע איז אויף דער רייזע פון אמעריקא קיין אייראפא פערונגליקט געווארען. מען האט שוין געמיינט, אט-אט געהט עס אונטער און די פאסאשירע, ווי אויך דער קאפיטאן און די מאטראזען האבען זיך מיאש געווען פונים לעבען. נאר דער טעלעגראפיסט האט נישט פערלוירען דעם מוטה, ער האט ארויסטעלעגראפירט מיט זיין אפאראט נאך אלע זייטען די סיגנאלע, אז דאס שיף איז אין גרעסטער געפאהר. און עטליכע שיפען, וואס זענען צופעליג געווען אין דער נעהע, זענען שנעל צוגעפאהרען און האבען נישט בלויז די מענשען גערעטעט. נאר אויך דאס שיף צוגעשלעפט צו אן אנדערען דאמפפער און עס צוריקגעפיהרט קיין ניו-יארק.

אצינד האט מען אין אמעריקא אויסגעקלערט א נייע פראיעקט, ווי אזוי מען זאל פערמיידען אלע די דריי זאכען: אונגליקספעלע, זעע-קראנקהייט און לאנגזאם-פאהרען, אין איינעם; מען וויל נעמליך איינריכטען, עס זאלען פאהרען דריי שיפען פון רערזעלבער לענג, מיט דיעזעלבע מאשינען, שנעלינקייט און טראגפעהיגקייט און איינעם; אויבען אבער, איבער די דריי שיפען, זאל ליעגען אין דער ברייט א פיערטעס, אונגעהויער גרויסעס שיף, וועלכעס וועט האבען פלאץ פאר טויזענדע פאסאשירע. דיעזע פיער שיפען מיט א מאל וועלען זעהר שנעל פאהרען, ווייל די דריי מאשינען וועלען האבען א שטארקע וואסערפערדרענגונגס-קראפט; דורך דעם גלייכמעסיגען בעוועגען וועט מען דאס שאקלען ווייניג וואס שפירען, שפעציעל אויפ'ן אויבערשטען שיף. און ווען עס זאל זיך טרעפען עפיס א אונגליקספאל, וועלען זיך די רייזענדע קענען רעטען אויף די איבריגע שיפען, ווייל אלע דריי מיט א מאל וועלען דאך זעלטען צו-בראכען ווערען.

אויב דאס פראיעקט וועט זיך פראקטיש לאזען דורכפיהרען און וועט ברענגען גינסטיגע רעזולטאטע, מוז מען נאטירליך אבווארטען. די אמעריקאנער וועלען עס יעדענפאלס אויספרובירען.

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר א בילד, ווי אזוי די נייע „פיער שיפען מיט א מאל" וועלען אויסזעהען, לויט דעם "אריגינעלען פראיעקט.

נייע רוסישע מיניסטער: דער נייער האנדעלס-מיניסטער טירמיאשעוו.

# נישט-נארמאלע מענשען.

„פערזעהענישען" ווערען אפט געגלויבט, פיעל עפטער ווי עס ווערד אין דער ברייטער עפענטליכקייט בעקאנט. צומייסט אבער שטארבען זיי תיכף און איבעריגעס ווייסט מען נישט פון זיי. זעהר זעלטען טרעפט זיך, אז אזא מין פערזעהעניש בלייבט לעבען און דעמאלט האבען מיר געלעגענהייט, עס צו זעהען אין די פאנאפטיקומס.

נייע רוסישע מיניסטער: דער נייער מארינעמיניסטער אדמיראל וואיעדאווסקי.

ערנסט העקעל (צו זיין 75=סטען געבורטסטאג).

אים צירקוס," אדער אין ענליכע ערטער, וואו מאן מאכט מיט די אונגליקליכע בעשעפענישען גוטע געשעפטע.

אזוינע מיני בעשעפענישען קענען איצט צו זעהען.

אין איינעם דייטשען פאנאפטיקום ווערד פארגעפיהרט דער איטאליענער פראנציס לענטיני, א מענש מיט דריי פיס. דער דריטע פוס, וועלכער איז איהם ארויסגעוואקסען פון דער רעכטער זייט, זעהט גאנץ אזוי אויס, ווי די געוועהנליכע צוויי. ער בעוועגט איהם גלייך מיט די אנדערע און ער שטערט איהם נישט אים נערינגסטען ביים געהען.

דער מערקווירדיגע איטאליענער איז אלט 21 יאהר. פאריגעם יאהר האט זיך א איטאליענערין ענטשלאסען, מיט איהם חתונה צו האבען און זי האט איהם אויך געבוירען א גאנץ נארמאל קינד.

אין דעם פאנאפטיקום אין וויען איז איצט צו זעהען א גאנץ מערקווירדיג בעשעפעניש. דאס „בערען־ווייב" פרייליין אליצע בונדס. איהר קערפער־בוי איז גאנץ ענליך צו א בער. אויך די הויט איז בעדעקט מיט א פעל ווי פון א בער. פרייליין בונדס בעוועגט זיך אויף הענד און פיס, ווייל איהרע פיס האבען נישט קיין קניע און זי קען אויך זיי אליין נישט שטעהען. די הענד און די פיס זענען עבענפאלס ענליך צו די לאפעס פון א בער. נאר דאס פנים האט א ענליכקייט פון א מענש.

דער נייער פרעזידענט אין אמעריקא; דע י דישער מיניסטער אסקאר שטרויס, וועלכער ווערט אצינד דעמיסיאנערען.

דאס אונגליקליכע בעשעפעניש א־ זעהר אינטעליגענט. זי שפריכט און שרייבט (מיט די בריטע לאפעס) עטליכע שפראכען און — דאס איז דאס מערקווירדיגסטע — זי איז מיט איהר לאגע גאנץ צופריעדען.

איהר פאטער איז געוועזען א גאנץ נארמאלער מענש. איהר מוטער דאגעגען איז עבענפאלס געוועזען א „בערווייב" און פלעגט ארומציפאהרען מיט דעם בעריהמטען אמעריקאנישען וועלטצירקוס פון בארנום און ביילי.

די פיידע ערוועהנטע בעשעפענישען זענען שוין אזוי געבוירען. זיי פיהלען גאר נישט אזוי שטארק זייער אונגליק.

דאגעגען איז איצט אין ניצא צו זעהען א אונגליקליכער מענש, וועלכער איז געבוירען געווארען גאנץ נארמאל און נאר א אונגליקספאל האט איהם געצוואונגען, צו ווערען א זעהענסווירדיגקייט.

ער איז פריהער געוועזן א מוזיקער, וואס פלעגט דורך געבען קאנצערטע פערדיענען זיין ברויט. ביי איין אייזענבאהנצוזאמענשטויס האט ער פערלוירען זיין רעכטע האנד. מען האט איהם מיט שווערע מיהע אים שפיטאל ערהאלטען ביים לעבען און ווען ער איז ארויס געהיילט, האט ער זיך געוואלט נעהמען דאס לעבען, ווייל זיין פריהערינען בערוף קען ער נישט מעהר אויסאיבען און איך אנדערען פאך האט ער נישט געלערנט.

עס האט אבער געטראפען א יונגער ארצט, וועלכען ס'האט בעריהרט דאס אונגליק פון דעם מענש. און ער האט ערפונדען א מין מעכאניזמוס, וועלכעס ערמעגליכט דעם קראנקען, ווייטער צו קאנצערטירען. אין דער אבגעשניטענער האנד איז בעפעסטיגט געווארען א מין אפאראט, וואס ערזעצט מיט נאטה דאס פעהלענדע אבר.

דער בעדויערנסווערטהע איז ציוואר אצינד קיין קונסט־שפיעלער מעהר. אבער אויף ברויט פערדיענט ער שוין — אפשר מאקי בלויז אוים רחמנות...

אין אונזער היינטיגער נומער ברענגען מיר די בילדער פון דיזע דריי אונגליקליכע נישט־נארמאלע מענשען.

# סערביען און עסטרייך־אונגארן.

נאר פאוואלי, שריט פאר שריט, בעסערט זיך די לאגע אויף דעם באלקאן. דער אויסגלייך צווישען עסטרייך־אונגארן און דער טירקיי, לויט וועלכען די טירקיי בעקומט 55 מיליאן פראנקס פאר באסניען־הערצעגאווינא, איז נאך נישט אים גאנצען ערלעדיגט. עס האנדעלט זיך וועגען עטליכע קליינע פינקטע, איבער וועלכע ביידע שטאאטען קענען זיך נישט איינינען. דער בויקאט אויף עסטרייכישע סחורות איז צוואר שוואכער געווארען, אבער אים גאנצען אויפגעהערט האט ער נישט. די בויקאטירטעס ווילען נישט אויפהערען זייער ארבייט. ווי לאנג דער אויסגלייך וועט נישט זיין אונטערגעשריעבען און פון פארלאמענט ערלעדיגט.

אויך דער קאנפליקט צווישען בולגאריען און דער טירקיי איז נאך נישט בייגעלעגט. בולגאריען וויל נישט מעהר געבען ווי 82 מיליאן פראנק. די טירקיי פערלאנגט מעהר און חוץ־לזה זאל די גרעניץ צווישען ביידע לענדער אזוי רעגולירט ווערען, אז עטליכע 40 דערפער, וועלכע געהערען ביז איצט צו בולגאריען, זאלען איבערגעגעבען ווערען דער טירקיי, ווייל עס וואהנען דארט הויפטזעכליך מאהאמעדאנער. בולגאריען וויל דאפון גאר נישט הערען און אלס אנטווארט דארויף האט עס מאבילוזירט א טהייל פון זיין ארמעע. די טירקיי פון איהר זייט ענטפערט דארויף מיט א מאבילוזאציע פון טירקישען מיליטער און אזוי שטעהען דארט ביי דער בולגאריש־טירקישער גרעניץ גרויסע מאסען סאלדאטען, גרייט יעדע מינוט אנצוהייבען א קריעג.

די מעכטע מישען זיך אריין אין שלום. יענע וואך איז רוסלאנד געקומען מיט א נייעם פארשלאג. אזוי ווי טירקיי איז שולדיג רוסלאנד עטליכע 100 מיליאן פראנק

די פאלאשאס אין אבעסיניען; א גרוסע פאלאשא־מענער.

אלס קריעגס־ענטשעדיגונג פונ'ם לעצטען רוסיש־טירקישען קריעג, וועט רוסלאנד פון דעם חוב אבשרייבען א געוויסע סומע אלס ענטשעדיגונג פאר דער סומע, וואס בולגאריען ברויכט דער טירקיי צו צאהלען, און רוסלאנד וועט זיך שוין מיט בולגאריען אייניגען איבער דעם אופן, ווי אזוי עס זאל איהר אט די סומע צוריקצאהלען. ריזער פארשלאג איז געוועזען זעהר געשיקט און פאר בילגאריען זעהר גינסטיג. עס ברויכט נישט ארויסנעהמען א גרויסע סומע מיט א מאל, נאר צאהלען די ענטשעדיגונג ביסלעכווייז אן רוסלאנד. אבער די טירקיי איז דאפון נישט צופריעדען. זי ברויכט באאר געלד און נישט מען זאל איהר אבשרייבען אלטע חובות, וועלכע זי צאהלט סיי־ווי־סיי נישט רעגעלמעסיג. איבערדעם איז מעגליך, אז דער פארשלאג וועט נישט ווערען אנגענומען, האטשי ענגלאנד און פראנקרייך אונטערשטיצען איהם. אויך אין בולגאריען הייבט מען אן צו קלערען, אויב עס איז כדאי, זיך צו בינדען אויף יאהרען־לאנג צו רוסלאנד, און אויב עס איז נישט גלייכער, צו בעצאהלען תיכף אלעס מיט באאר געלד און בלייבען פינאנציעל נישט־אבהענגיג.

ווי אזוי די זאך וועט זיך אבער ענדיגען, יעדענפאלס זעהט סערביען, אז מיט זיין מולמאכעריי, מיט זיין רעש און געפילדער האט עס גאר נישט געפועל'ט. אים געגענטהייל, די מעכטע ווילען עס נישט אונטערשטיצען, ווערדער מאראליש נאך מיליטעריש, ווייל זיינע פארערונגען זענען נישט בערעכטיגט. און דאס רייצט עס נאך מעהר. מען ציעהט ביים ארימען פאלק ארוים דעם לעצטען מארך פון די ביינער, אלעס טאג פערלאנגט מען [illegible] געלדער פאר קריעגס־צוועקע, מען קויפט איין פערד, פולווער.

די פאלאשאס אין אבעסיניען; פאלאשא פרויען.





נישט נארמאלע מענשען.

קאנאנען און דינאמיט, נישט קלערענדיג, וואס דער סוף וועט זיין.

אצינד האט זיך דארט אנגעהויבען א שטארקער באיקאט אויף עסטרייכישע סחורות. פערזאנען, וועלכע טראגען אוים עסטרייך שטאמענדע קליידער, ווערען אויף די גאסען פערפאלגט און גערעצט. עס קומען דאביי פאר די שרעקליכסטע סצענעס, אפילו פרויען און קינדער ווערען נישט געשוינט.

די רעגירונג געגען עסטרייך איז שטארק בעזעצט מיט מיליטער, דאס צווינגט נאטירליך עסטרייך־אונגארן, זיין רעגירונג עבענפאלס שטארק צו בעוואכען און אזוי ווערען די פיידערזייטיגע רעגיערונגען שוין זייט חדשים אים שטרענגסטען ווינטער שטארק אפגעהיט.

ביי דער נערייצטהייט און פלאנלאזיגקייט פון די סערבען קען מען נישט וויסען, אויך זיי ווילען נישט נייפען צום שווערד, ווי באלד עס וועט נאר א ביסעל ווערען ווארימער אין דרויסען. די לאגע איז יעדענפאלס [illegible]

[illegible] נינאל בילד, פארשטעלענדיג א סצענע, ווי א סערבישע יונגע דאמע ווערד פערפאלגט אויף דער גאס, ווייל זי טראגט א הוט, וואס שטאמט פון עסטרייך; ווי אויך א בילד וואס שטעלט פאר ווי די עסטרייכער בעוואכען זייער גרעניץ געגען סערביען.

## דער נייע פרעזידענט פון אמעריקא.

אין עטליכע וואכען ארום וועט דער ניי־גענועהלטע פרעזידענט פון אמעריקא, וויליאם טאפט, איבערנעהמען די רעגיערונג. געוועהלט איז ער שוין זייט מיטע נאוועמבער, אבער די רעגיערונג איבערנעמט ער ערשט אים מאנאט מערץ.

וויליאם טאפט, געהערט אין דער רעפובליקאנישער פארטיי, עבענזא ווי דער איצטיגער פרעזידענט רוזוועלט. רוזוועלט האט אויך זיין וואהל מיט אלע כחות אונטערשטיצט און דורכגעזעצט. פאליטיש וועט אלזא אלעס אין אמעריקא בלייבען ביים אלטען. אבער טראטצדעם האפט מען אין אמעריקא, אז מיט דעם נייעם פרעזידענט וועלען זיך די פאליטישע און די עקאנאמישע צושטענדע בעסערן. רוזוועלט איז געווען צו שטרענג און האט צו פיעל נעהאלטען פון זיין אייגענער אויטאריטעט. ער האט נישט איינמאל געפרופט, די גאנצע רעפובליקאנישע פארטיי צו צווינגען, זי זאל טהון דאס וואס ער וויל. טאפט הינגעגען וועט אזוי גיך נישט בעקומען אזא שטארקען איינפלוס, עס וועט נעדויערן נערוימע צייט, ביז ער וועט קענען דורכזעצען זיין פערזענליכען ווילען. די פארטיי, דאס פארלאמענט וועט ווידער בעקומען א שטיקעל דעה און דאס וועט די פאליטישע פערהעלטניסע שטארק בעאיינפלוסען.

אט אזוי האפט מען אין אמעריקא. אויב עס וועט טאקי אזוי זיין, וועט די צייט ווייזען. איין זאך איז זיכער, אין דער אייסערער פאליטיק וועט טאפט נישט האבען דאס גרויסע אנזעהען, ווי רוזוועלט. ער וועט צווישען מוזען ווייזען אז ער בעזיצט אזויפיעל דיפלאמאטישע געשיקליכקייט, ווי זיין פארגענגער. די דיפלאמאטישע וועלט שעצט א מענש נאר לויט זיינע ערפאלגע און נישט נאך זיינע פעהיגקייטען.

אבער שוין אצינד, נאך איידער ער זיצט אויף דער שטוהל, איז טאפט ביי די אמעריקאנער שטארק פאפולער. זיין בילד איז צו זעהען איבעראל, און נישט נאר זיין איינען בילד, נאר אויך די בילדער פון זיין פרוי און פון זיינע קינדער. די אמעריקאנער זענען צוואר שטארקע רעפובליקאנער, אבער צו דער פאמיליע פון זייערע פרעזידענט האבען זיי א געוויסע שטארקע אנהענגליכקייט נישט ווי די פראנצאזען, וואס קימערן זיך ווייניג וועגען די פאמיליע פון זייערע פרעזידענטען.

מיט דעם איבערנעהמען די רעגיערונג דורך דעם נייעם פרעזידענט וועט אויך דאס אלטע מיניסטעריום צוריקטרעטען און טאפט האט זיך שוין אויסגעקליבען נייע מיניסטער. זיי געהערן נאטירליך אלע צו דער רעפובליקאנישער פארטיי און זענען אין אלע פראגען איינשטימיג מיט איהם. צווישען די נייע מיניסטער געפונט זיך אויך איינער א יוד. דער נייער מיניסטער הייסט אינערן סאמועל ס. קעניג. דאס זיין בילד און לעבענסבעשרייבונג האבען מיר נעבראכט אין איינער פון אונזערע פריהערע נומערן.

אויך צווישען די אלטע מיניסטער וואר פארהאנען א יוד, דער האנדעלס־מיניסטער אסקאר שטרויס, א בעקאנטער דיפלאמאט און א יודישער כלל־טהוער.

מיר ברענגען אין אונזער הייטיגער נומער א בילד פארשטעלענדיג דעם נייעם פרעזידענט וויליאם טאפט מיט זיין פאמיליע, ווי אויך די פאטאגראפיע פון דעם אבגעטרעטענען יודישען האנדעלס־מיניסטער אסקאר שטרויס.

## ערנסט העקעל.

דער בעריהמטער נאטור פארשער ערנסט העקעל פייערט אם 16 פעבער זיין 75 געבורטסטאג.

זעלטען האט נאך א געלעהרטער אין נייעסטער צייט אזוי פיעל בעשעפטיגט די עפענטליכע מיינונג, ווי ערנסט העקעל. זיין בוך די „וועלטרעטהזעל" האט אויפגערעגט א גרויסען טהייל פון דער וויסענשאפטליכער וועלט, וועלכע וויל נישט אבגעבען די אלטע אויפפאסונגען איבער דעם לעבען פון די מענשען, און אויך זיינע אנדערע שריפטען, ווי נייטשריך זיי זאלען נישט זיין, ערענען שטארקע געגנערשאפט. אבער ער האט געפונען אויך א גאנצע רייהע פון פערטהיידיגער, וועלכע נעהמען זיך פאר איהם אן און עס עקסיסטירט שוין זאגאר א אנערקאנטע „העקעל־סיסטעם" און א העקעל־שולע.

ערנסט העקעל איז געבוירען אם 16 פעבער 1834 אין פאטסדאם, זייט 1865 איז ער פראפעסאר דער זאאלאגיע אויף דער אוניווערזיטעט אין יענא (דייטשלאנד). ער האט אונטערנעמען זעהר פיעל רייזען אין אמעריקא און אזיען און זיינע וויסענשאפטליכע פארשונגען איבער די מעערטהירע האבען גרויסע בעדייטונג. ער איז א שטארקער אנהענגער פון דארווין און זיין אבשטאמונגסלעהרע, וועלכע ער האט מעהר אויסגעארבייטעט און פערטיעפט.

ערנסט העקעל איז אויך א בעקאנטער קינסטמאלער און זיינע בילדער ווערען אין קינסטלער־קרייזען זעהר געשעצט.

טראטץ זיינע 75 יאהר איז ער נאך געזונד און ריסטיג און ארבייטעט ווייטער ליטעראריש־וויסענשאפטליך.

מיר ברענגען אין אונזער הייטיגער נומער דאס בילד פון דעם בעריהמטען, פיעל אנגעפיינדעטען געלעהרטען, לויט א אריגינעלער פאטאגראפיע.




[illegible]

# דוד שפירא, דער בעפרייער פון פראג

## היסטארישער ראמאן אוים דער צייט פון׳ם דרייסיגיעהריגען קריעג

בעארבייטעט נאך א. ע. בראכפ געל

(IV פארטזעצונג)

זיעבענטעס קאפיטעל.

יעדעס בית־הקברות, אפילו דאס קליינסטע, מאכט אויף דעם בעזוכער א טיעפען איינדרוק. אויך דער הארט־הערציגסטע מענש שטעהט נעריהרט אויף דעם ארט, וואו עס הערשט דער טויט... דא, אויף דעם גרויסען לייכענפעלד, זענען אלע מענשען גלייך, ארים און רייך, הויך און ניעדריג. די מצבות, אויב גרויסע, טהייערע מאר־מארשטיינער, מיט גאלדענע אותיות אדער איינפאכע, פראסטע האלצבר־עטליך מיט שווא־צע בוכשטאבען, — זיי זענען בלויז סימנים. או אונטער זיי ליעגט דער אדער יענער און וואס זיי זענען געוועזען ביים לעבען, נאכ׳ן טוידט אבער איז קיין חילוק צווישען זיי. אלע דעקט צו דיעזעלבע ערד, און אויף אלע קבר׳ם וואקסען דיעזעלבע ביימער... דא, אין דער נעגענווארט פונ׳ם טוידט, מוז יעדער מענש דערקענען, אז זיין לעבען און שטרעבען, זיין וועבען און ארבייטען האבען א בעשטימטע גרעניץ. ווען דער טוידט קומט, העלפט קיין געלד, קיין כבוד, קיין תקיפות, קיין איינפלוס — מען מוז געהען.

דאס איז דער איינדרוק, וועלכען יעדער מענש איז אונטערוואַרפען, בעזוכענדיג א בית־עולם. מעכטיגערע איינדריקע שטירמען אויף איהם איין, בעזוכענדיג א־א היס־טארישען בית־עלמין, ווי דאס פראגער אלטע יודישע בית־הקברות, איינעס פון די עלטסטע און גרעסטע אויף דער וועלט!

ווען דער פריעדהאף איז געווא־ען עררינכטעט, איז נישט גענוי בעקאנט. לויט אלטע איבערליעפערונגען עקסיסטירט ער שוין 13 הונדערט יאהר און די עלטעסטע מצבה איז די פון דער פרוי שרה קאטין, דער עלטער־עלטער־באבע פון אסתר קאטין, וועלכע שפיעלט די הויפטראלע אין אונזער ערצעהלונג. דיעזער מצבה, פון וועלכער מיר ברענגען א פאטאגראפיש בילד אין אונזער היינטיגער נומער, האט דאס דאטום פון יאהר די אלפים שפ״ו לויט דעם יודישען חשבון, דאס איז 606 לויט דעם קריסטליכער צייטרעכנונג. זי איז אלזא אלט 1303 יאהר. מעגליך איז נאטירליך, אז שוין פריהער האט מען דא־ט בעגראבען טויטע, אבער זייערע מצבות עקסיסטירען נישט מעהר.

*) נייע אבאנענטען ערהאלטען די פריהעריגע פארטזעצונגען אויף פערלאנגען גראטיס צוגעשיקט.

דאס בית־עלמין, ליעגענדיג אים צענטרום פון דער שטאדט צווישען דער פינקאס־, וועטעלעס־, האמפאס־ און סאליניטער־גאס ביז צום סאלפעטערבערג, איז טהיילווייזע העכער מיט א קלאפטער ווי די גאסען, ווייל מען האט דארט עטליכע מאל אויפגעשיט ערד, כדי פלאץ צו מאַ־כען פאר נייע טויטע, וועלכע מען האט אים אלטען פריעדהאף נישט געקענט בעגראבען.

אונצעהליגע זענען די גרויסע מענער און פרויען, וועלכע האבען דא געפונען זייער אייביגע רוהע, א גרויס שטיק יודישע געשיכטע ליעגט אין דעם פריעדהאף, וועלכער געהערט צו די וויכטיגסטע מערקווירדיגקייטען פון דער וועלט. קעניגע און פירסטע האבען ארויסגעגעבען עדיקטע, איהם צו שיצען און חאטשי ער ליעגט אין דער מיט פון שטאדט און די געמיינדע האט שוין עטליכע מאל בעשלאסען, איהם צו קאסירען און אויף זיין ארט צו עררינכטען שפאציערגערטנער, איז עס געלונגען דען פע־איינינטען בעמיהונגען פון די אלטערטהומס־פריינד אין פון דער יודישען געמיינדע, דאס היסטארישע ארט צו שיצען פאר פערניכטונג.

דא אין דעם פריעדהאף ליעגען בעגראבען די גרעסטע יודישע מענער, די גרעסטע גאונים, און שתדלנים, ווי מהרי״ל מפראג, ר׳ שמעון שפירא, ר׳ דוד אפענהיים, מרדכי מייזעלס א. ז. וו. לויטער מענער, וואס האבען אין דער יודישען געשיכטע געשפיעלט די גרעסטע ראלע און א בעזוך אויף דעם בית־עלמין מאכט די שטארקסטע איינדריקע אויף דעם בעזוכער אויף לאנגע צייטען.

— — — — — — — — — — —

ווי אויף יעדען בית־עלמין הערשט היינט אויף דעם בית־הקברות טוידטען־שטילע. עס איז א הייסער זומער־טאג און קיין מענש איז אויף דעם גרויסען, ווייטען לייכען־פעלד צו זעהען. פאר דער היטץ האבען זיך אויך די פייגעליך צווישען די צווייגען בעהאלטען, וואט און פרייט הערט מען קיין שאך.

פלוצים ווערד די אייביגע רוהע געשטערט. מען הערט שריט. דאס הויכע גראז רוישט. די צווייגען פון די ביימער קנאקען — אסתר קאטין מיט איהר פריינדין טאבעלע קארא זענען געקומען בעזוכען דאס קבר פון אסתר׳ס עלטער־עלטער־באבע, דער בעריהמטען שרה קאטין. — אסתר קאטין געהט היינט אוים בלאסער ווי געוועהנליך, זי געהט נאנץ איינפאך געקליידעט: א שווארץ קלייד מיט א גרוים בייט טוך אויפ׳ן קאפ, זי טראגט קיין שום שמיק, קיינע דיאמאנטען, קיין פערל — אויך טאבעלע קארא געהט אין א גרוים טוך פערהילט.



די ביידע מעדכען בעזוכען צוערשט די קברים פון אסתר׳ס עלטערן, וואו זיי שטעהען א ווייל אין טרויריגע געדאנקען פערטיעפט; דערנאך זוכען זיי אויף די קברים פון טאבעלע׳ם עלטערן.

— אצינד — זאגט אסתר — קום, טאבעלע, מיר וועלען אויפזוכען דאס קבר פון מיין עלטער־עלטער־באבע שרה קאטין...

א צייט לאנג זוכען זיי ארום, ביז זיי בלייבען שטעהען פאר איין אלט קבר, אויף וועלכען עס שטעהט א האלב איינגעזונקענע מצבה. די אויפשריפט אויף איהר איז קוים לעזערליך, אבער אסתר קען זי שוין אויסעגווייניג און זי ווייסט פאלה, אז זי האט דאס ריכטיגע קבר געפונען.

ביי די פראגער יודען איז אין אלטע צייטען געוועזען א מנהג, אז ווער ס׳האט בעזוכט די קברים פון זיינע קרובים אדער בעקאנטע, פלעגט אויף זיי א ניעדעריגלעגען א שטיין, די מייסטע קברים זענען איבערדעם געוועזן פול בעלעגט מיט שטיינער.

אויף שרה קאטי׳ס קבר זענען געלעגען נאר ווייניג שטיינער. זעלטען או עס פלעגט אהער קומען א קרוב אדער א בעקאנטער. די איינציגע אסתר קאטין פלעגט פון צייט צו צייט דאס קבר אויפזוכען און זי האט אויך גענוי געוואוסט, וויעפיעל שטיינער עס דארפען דארט ליעגען.

צוקומענדיג צום קבר בלייבט אסתר א מינוט לאנג ערשטוינט שטעהען.

— עפים זעה איך דא א נייעס שטיין, איינער מעהר ווי תמיד! — מורמעלט זי צו זיך.

— דו מוזט זיך טועה זיין — זאגט טאבעלע — ווער איז דען דא געוועזען אויסער דיר?

אסתר אבער ענטפערט גאר נישט, זי צעהלט נאכאמאל דורך די שטיינער און זאגט:

— יא, עס איז ריכטיג, זיבענאונצוואנציג, איינער מעהר ווי תמיד... איך האב תיכף דערקענט, או עס ליעגט דא א נייער שטיין...

זי הייבט דעם נייעם שטיין אויף און דערזעהט, אז עס איז צו איהם צוגעבונדען מיט א פאדעם א שטיק איינגעוויקעלט פאפיער.

די מצבות פון ר׳ שמעון שפירא און פון ר׳ דוד אָפּענהיים.

טאבעלע בעמערקט דאס און רופט: „אוי עפּיס א פֿאדעם מיט פּאפּיער... גאט זאל אונז בעשיצען! רייס עס אב און ווארף עס א וועק“.

אסתר רייסט אב דאס פּאפּיער און וויקעלט עס אויף. אויף דעם פּאפּיער שטעהען געשריעבען די פאלגענדע ווערטער:

„איך בין אנטלאפען פאר דיינע שלעכטע ווערטער און האב עס דערצעהלט דיין עלטער־באבע, וועלכע רוהט דא, וואס עס וועט מיר אצינד אויך געשעהען — דו ביזט דאפאר פעראנטווארטליך. איך לעג דאס א־זוי אויף דיין געוויסען. אזוי ווי איך לעג דא אנידער דעם שטיין אויף שרה קאטץ'ס קבר“...

— דוד שפּירא איז דא געוועזען, טייבעלע — זאגט אסתר מיט געצוואונגענער רוהע — דוד שפּירא איז דא געוועזען און ער האט דעם נייעם שטיין א ניעדערגעלעגט.

זי שטעקט דעם בריעף אין איהר קלייד און זיפצט שווער. טאבעלע שטעהט שטיל, זי ווייסט נישט, וואס צו ענטפערן.

— וואו האסטו די לאפּאטע? — פרעגט אסתר.

— אט האב איך זי! — ענטפערט טאבעלע — איך האב זי בעהאלטען אונטער'ן קלייד, כדי דער שמש זאל נישט זעהען, וואס איך טראג! — זאג מיר נאר, ליעבע אסתר, וואס ווילסטו טהון? צו־וואס ואלסטו שטערען די רוהע פון דיין טויטער עלטער־באבע?

— איך וויל איהר רוהע נישט שטערען — זאגט אסתר — איך וויל איהר בלויז צוריקגעבען, וואס עס האט א מאל צו איהר געהערט און וועלכעס האט פאר מיר שוין קיין שום ווערטה נישט! — בעהאלט די לאפּאטע צווישען גראז און זעץ דיך נעבען מיר... איך וויל דיר עפּיס זאגען.

טייבעלע ציעהט ארויס א קליינע אייזערנע לאפּאטע פון אונטער'ן קלייד און בעהאלט זי צווישען גראז. דערנאך זעצט זי זיך נעבען אסתר'ן, וועלכע האט זיך אנגעשפּארט אויף איהר עלטער־באבע'ס קבר. אויף איהר שויס האט זי געהאלטען עפּיס א פּעקעלע, איינגעוויקעלט אין ווייסענשטאף.

— טאבעלע קארא! — זאגט אסתר מיט טיעפבעוועגטער שטימע — טאבעלע, דו ביזט מיין איינציגע פריינדין. קיין מענש אויף דער וועלט האט מיך אזוי ליעב ווי דו. אלע אנדערע קוקען נאר אויף מיין פערמעגען, זיי גריסען נישט מיך. לעכלען נישט פריינדליך צו מיר, נאר צו מיינע דיאמאנטען, צו מיינע פּערל, צו מיינע דוקאטען! — ווילסטו מיר אט דא ביי די טויטע שווערען, אז דו וועסט זיין אויפריכטיג און וועסט מיר זאגען דיינע אמת'ע געדאנקען, ווען איך וועל דיר אויפדעקען מיין הארץ, ווען איך וועל דיר דערצעהלען, וואס ס'האט מיר גערויבט מיין רוהה און מיין פריעדען?

— יא! — ענטפערט טייבעלע — איך שווער דיר דאס צו ביי מיין לעבען, ביי די טויטען אט־דא, ביי דעם נאמען פון אונזערע אבות!

— איך וויל, דו זאלסט מיר זאגען דיין מיינונג, אויב איך טהו גוט אדער נישט! — זאגט אסתר.

— איך וועל דיר זאגען מיין מיינונג גאנץ אפען! — פערזיכערט טאבעלע.

— טאבעלע — זאגט אסתר — דו ווייסט, אז איך האב נישט געהאט דאס גליק, מיין מאמע זאל מיך ערציעהען, מיין פאטער האט מיך ערצויגען און האט מיך געמאכט שטאלץ און מיסטרויאיש. ער האט מיך געלערנט לעזען אין דעם אלטען הייליגען ספר גורלות, דער אלטען ירושה פון אונזערע אור עלטערן, וועלכעס זיי האבען געבריענגט פון ירושלים א הער, ווען די פיינד האט זיי פערטריעבען אין א פרעמד לאנד... אט דא האב איך דאס ספר גורלות!

— וואס־זשע ווילסטו מיט דעם הייליגען ספר גורלות טהון? — פרעגט טאבעלע דערשראקען.

— דו וועסט עס באלד זעהען — ענטפערט אסתר — איך בין געוועזען שטאלץ און האכמיטהיג, איינגעבילדעט אויף מיין יחוס, אויף מיין שענקייט, אויף מיין פערמעגען, אויף דעם ספר גורלות. — פאר זעכס יאהר האט מיר גאט צוגענומען אויך דעם טאטען און איך בין געבליעבען אליין עלענד ווי א שטיין. בלויז דער פארשטעהער יואל צמח און דער רב ר' שמעון שפּירא האבען זיך פאר מיר אנגענומען! צו צמח האב איך געהאט און האב נאך דאס גרעסטע פערטרויען. איך ווייס, אז ער האט מיך ליעב ווי דאס אויג אין קאפּ און מיינט נישט מיין פערמעגען און מיין שענקייט. צום רב ר' שמעון שפּירא האב איך אויך געהאט פערטרויען, זיין ווייב, שרה, האב איך געליעבט ווי א צווייטע מאמע! אבער אצינד האב איך צו זיי אלע פערלוירען דאס פערטרויען! איך האב צו מיר אליין אויך קיין צוטרויען נישט מעהר!

— אסתר, מיין קינד! — רופט טאבעלע ענגסטליך — וואס איז דיר געשעהען? וואס געהט מיט דיר פאר?

— עפּיס שרעקליכעס, עפּיס ניעדריגעס און שלעכטעס! — ענטפערט אסתר — עפּיס אזוינס וואס מען מוז זיך שעמען, עס צו דערצעהלען!

— מיר דיין פריינדין — זאגט טאבעלע — קענסטו אלעס דערצעהלען. פאר מיר, וועלכע ליעבט דיך, ווי זיך זעלבסט, ברויכסטו דיך נישט צו שעמען!

— איך פלעג עפטערס קומען צו דעם רב ר' שמעון שפּירא. וואו איך האב מיך געפיהלט אזוי היימיש! — זאגט אסתר — דארט האב איך געפונען טרייסט אין מיין איינזאמקייט! דעם רב'ס זוהן, דוד איז נאך דעמאלט געוועזען א לערן־בחור, א תלמיד פון זיין פאטער! ער האט תמיד אזוי מערקווירדיג אויף מיר געקוקט, ער פלעגט מיך פערפאלגען מיט זיין בליק, אז איך האב אנגעהויבען מורא צו האבען, ער וועט מיר אמאל טהון עפּיס שלעכטס!

— דוד שפּירא! רופט טאבעלע איבערראשט — דוד שפּירא וועט דיר, אסתר קאטץ, שלעכטס טהון?

— איך זאג דיר, אז יא — ענטפערט אסתר — און ער האט עס געטהון! — עס איז געוועזען קוים א יאהר נאך מיין פאטער'ס טויט. איך בין געקומען צום רב ווי געוועהנליך, רוהיג און מיט ריינע געדאנקען. דער רב איז גראדע נישט געוועזען אין דער היים, זיין פרוי איז מיט דער דיענסט געגאנגען אויף דעם מארקט איינקויפען. איך האב אין שטוב געטראפען נאר דוד'ן און — אסתר קען קוים אויסרעדען — און דעמולט האט... דוד שפּירא מיך געוואלט פערגוואלטיגען!...

טאבעלע שפּרינגט אויף.

— געוואלט?! אסתר קאטץ! — רופט זי — דוד שפּירא האט דיך געוואלט פערגוואלטיגען? דיך?

— יא, יא — ענטפערט אסתר — איך שווער דיר, אז עס איז אמת! מיך, אסתר קאטץ, די שטאלצסטע יודישע טאכטער אין פּראג, האט דער דוד שפּירא, וואס איז נישט ווערטה צו זיין מיין קנעכט, מיך האט ער געוואלט פערגוואלטיגען!

— גאט מעג מיך שטראפען! — זאגט טאבעלע — אבער איך גלייב דיר דאס נישט! עס איז נישט אמת, אסתר קאטץ, עס קען נישט זיין אמת... עס האט זיך דיר בלויז געמוזט חלומ'ן! דוד שפּירא האט נישט געהאט קיין שלעכטע מחשבות!

— וואס, דו גלייבסט מיר נישט? — שרייט אסתר מיט כעס — דו גלויבסט נישט מיין שבועה! דו, מיין איינציגע פריינדין, גלויבסט נישט מיינע ווערטער! געה דו ביזט מיר פאלש! —

אסתר וויל אויפשטעהען און אוועקגעהן.

טאבעלע האלט זי צוריק, זי פאלט איהר צו די פיס, נעמט זי ארום און בארעקט איהר פיס מיט הייסע קוש.

— אסתר קאטץ, טהייערע פריינדין — בעט זי — זיי מיר ווייטער גוט! איך האב נישט געמיינט, דיך צו בעליידיגען! זיי נישט אין כעס דא אויף דעם ארט, וואו עס הערשט דער טויט! שטער נישט די רוהע פון דיינע עלטערן דורך דיין שטאלץ! — זאג מיר נאר, וואס האט דיר דוד שפּירא געוואלט טהון? וואס האט ער געטהון, אז דו מיינסט, ער האט דיך געוואלט פערגוואלטיגען?

— וואס ער האט געטהון? — זאגט אסתר — ער האט ווילד מיך ארומגעחאפּט, געפּרעסט צו זיין ברוסט, מיך געוואלט דערדריקען און בעשטייכען מיט הייסע קוש! איך האב אבער געשריען, געוויינט און גערופען הילף. דעמאלט האט ער מורא בעקומען, איז מיר געפאלען צו די פיס און געבעטען, איך זאל מוחל זיין! ער האט געשווארען, אז עס איז דאס געשעהען אויס ליעבע צו מיר, אויס הייסער, אינניגער ליעבע, וועלכע האט איהם גערויבט דעם פערשטאנד!

— ער האט אלזא נישט מעהר געטהון, ווי דיך געקושט! — זאגט טאבעלע — א קוש איז דאך נישט אזא גרויסע עבירה! — און דו האסט איהם נישט מוחל געווען, דו האסט איהם פערקלאגט פאר זיינע עלטערן?

— יא! — ענטפערט אסתר — איך האב פערלאנגט, אז דוד שפּירא זאל אוועק פון פּראג, אדער איך וועל פערקויפען מיין הויז און אוועקפאהרען, צוריקלאזענדיג מיינע קללות אויף די פּראגער יודען!...

— דער אלטער רב האט אבער נישט געוואלט, די זאך זאל ווערען בעקאנט — אונטערברעכט זי טאבעלע — ער האט זיין איינציגען זוהן דוד אוועקגעשיקט קיין פראנקרייך. און ווען ער איז נאך צוויי יאהר אהיים געפאהרען, האבען איהם די שווערען געפּאקט און ער האט זיי געמוזט דיענען צוויי יאהר אלס קנעכט, ביז ס'איז איהם געלונגען, צו אנטלויפען. ווייטער אבער וויל ער נישט מעהר לערנען תורה, ער געפינט נישט מעהר קיין רוהע ביי זיינע עלטערן; פון דעם וואוילען, פיינען לערן־בחור איז געווארען א אקסען־סוחר! אסתר, אסתר! איז דאס נישט שוין גענוג נקמה פאר דיר? האט ער שוין נישט גענוג געליטען פאר דעם, וואס ער האט דיר געטהון?

אסתר קוקט אויף איהר פריינדין מיט ווילדע אויגען. — איך ווייס נישט, וואס דו מיינסט מיט דיינע רייד! — זאגט זי.

— אסתר קאטץ — ענטפערט טייבעלע — דו האסט דיך טועה געוועזען אין דוד שפּירא. ער האט דיר נישט געוואלט קיין שום שלעכטס טהון! ער האט דיך ליעב געהאט. ער ליעבט דיך אויך אצינד ווי א פערצווייפעלטער. זעה, ער איז געווארען ווילד. ער גרייפט צום שווערד און רופט אויף די גאנצע יודישע געמיינדע צום קאמפף, ווייל ער וויל ליעבער שטארבען מיט כבוד פאר אונזער פאטערשטאדט, ווי צו לעבען אהן דיר! זעהסטו, איך בין איבערצייגט אזוי ווי מיר ביידע זענען די איינציגע לעבענדיגע מענשען צווישען די טויטע, אז דוד שפּירא האט דיר נישט געוואלט קיין שלעכטס טהון! זיין ליעבע צו דיר האט איהם געמאכט משוגע, האט איהם גערויבט דעם פערשטאנד און ער האט זיך נישט געקענט מעהר צוריקהאלטען! זעה אסתר קאטץ, ווען דו זאלסט איהם געוועזען אזוי ליעב האבען, ווי ער דיך, וואלט דען דער קוש, וועלכען ער האט דיר געגעבען, געוועזען אן עבירה?

אסתר ברעכט אויס אין א ביטער געוויין, זי קען זיך נישט מעהר צוריקהאלטען.

— וויין דיך אויס, ליעבע פריינדין — זאגט טאבעלע שטארק גערירט — וויין דיך אויס, אט דא איז דער פאסענדער ארט דאפיר. איך וועל ווארטען, ביז דו וועסט דיך ערהאלען, אפשר וועסטו דעמאלט קומען אויף אנדערע מחשבות!

אסתר שוויינט, מיט שווערער מיהע האלט זי איין איהר געוויין און ווישט זיך אב די טהרערען.

— איך האב געפאסט א פעסטען בעשלוס, — טאבעלע — זאגט זי שליעסליך — איך בין מיר שוין קלאר, ווי איך האב צו טהון. איך האב א שרעקליכען קאמפף געקעמפט זייט צוויי טעג און דא אויף דעם בית־הקברות האסטו, טאבעלע, מיר געגעבען דעם לעצטען שטוס, איך בין פעראנטווארטליך!

— אסתר, וואס רעדסטו ווייטער? רופט טייבעלע דערשראקען.

— שוויינ, טאבעלע, הער מיך אויס — זאגט אסתר זאנפט — נעכטען איז דוד שפּירא אהיים געקומען און האט אויפ'ן וועג, פארנעהענדיג פאר מיין הויז, ארויפגעקוקט אין מיינע פענסטער. איך בין געגאנגען צו זיין מוטער, מיך דאריבער בעקלאגען. זי האט מיר אבער געענטפערט, איך זאל זעהען, פון דעם שרעקליכען האס צו איהר זוהן זאל נישט ווערען א גרויסע ליעבע! איך האב אבער געשוואוירען, אז פריהער וואלט דוד שפּירא דער־

אקסען־טרייבער, נעמוזט ווערען א גרויסער יודישער ... אידער איך וועל איהם ליעב האבען!

— אזוי האסטו געשוואוירען! — יופט טאבעלע — הייליגער נאט! דיין שבועה הייבט אן, מקוים צו ווערען! דוד שפירא ווערד א העלד און ער וועט בעפרייען די שטאדט פון איהרע פיינד! זיין ליעבע צו דיר האט דאס געטהון!

— אהיים־קומענדיג, — זאגט אסתר — האב איך גענומען פרעגען דאס הייליגע ספר גורלות, דעם שטאל'ץ פון אונזער משפחה. וואס ס'וועט זיין דער סוף צווישען אונז...

— און וואס האט עס דיר געענטפערט? — פרעגט טאבעלע.

— אז עס וועט זיין, ווי איך האב געשוואוירען!

— ענטפערט אסתר.

— אסתר, ליעבע, טהייערע אסתר—רופט טאבעלע, פאלענדיג איהר פריינדין אויפ'ן האלז — זעהסטו, דאס הייליגע בוך האט דיר געוויזען דעם רעכטען וועג!

— יא, — ענטפערט אסתר — אצינד ווייס איך, אז איך בין געוועזען א נארה. מיין שטאל'ץ האט מיך געמאכט נאריש און איך בין נישט ווערטה, צו בעזיצען דאס הייליגע בוך... און איבערדעם וויל עס צוריקגעבען מיין עלטער־באבע שרה, דעריענינגען, וואס האט דאס הייליגע ספר אונזער משפחה איבערגעגעבען... גיעב אהער די לאפאטע...

— אסתר, אסתר — רופט טאבעלע זי צוריק צו האלטען — וואס ווילסטו טהון מיט'ן הייליגען בוך?

— גיעב אהער די לאפאטע און שטער מיך נישט!

— בעפעהלט אסתר.

טאבעלע גיבט איהר די לאפאטע און אסתר גראבט אויס א לאך אין שרה קאמט'ס קבר, און וועלכען זי לעגט אריין דאס הייליגע ספר, איינגעוויקעלט אין זיידענע־ שטאף. זי פערשארט דאס לאך ווידער מיט ערד און זאגט: „אט דא זאלסטו רוהען, הייליגע ספר. רוהען אויף אביג, אדער ביז עס וועט קומען דער מאן, וואס וועט ווערטה זיין, דיך צו בעזיצען און וועט דיך ווידער אויסגראבען."

זי בעהאלט די לאפאטע אין גראז און שטעהט אויף.

טאבעלע וויל די לאפאטע מיטנעהמען. אסתר אבער לאזט זי נישט. זי זאגט:

— לאז זי דא ליעגען, כדי עס זאל זיך מיט איהר קענען בענוצען דעריעניגע, וואס דאס הייליגע ספר איז פאר איהם בעשטימט. דו ווייסט דאך קיינעם נישט אויסזאגען, וואס עס איז אצינד דא געשעהען?

— איך וועל שווייגען ווי דער טויט! — פערזי־ כערט טאבעלע.

— קום א היים! — זאגט אסתר — איך האב בעגראבען, וואס ס'איז געוועזען שטאל'ץ אין מיר, אצינד וויל איך אויפוועקען, דאס וואס ס'האט ביז איצט אין מיר געשלאפען...

ביידע מערכען פערלאזען דעם בית־הקברות. אסתר־ קאט'ן געהט דירעקט צום רב ר' שמעון שפירא און ווינקט איהר פריינדין טאבעלע, מיטצוגעהן. ווען זיי קומען אריין צום רב, טרעפען זיי דארט די פרוי שרה שפירא מיט נאך עטליכע פרויען און מעדכען זיצען, פעשעפטיגט מיט האנדארבייט.

— שטער דיך נישט, שרה שפירא — זאגט אסתר צו דער איבערראשטען פרוי — איך בין נאר געקומען דיך בעטען, זאלסט זאגען דיין זוהן דוד, אז איך בין איהם אלסדינג מוחל און ער מעג מיר אויך מוחל זיין!

— דו האסט דיך זיכער ערשט געכטען מיישב געזוען? — פרעגט פרוי שפירא.

— ניין, — ענטפערט אסתר — נישט ערשט געכ־ טען, ווייל דוד האט זיך געריסטעט צום קאמפף, נאר־ שוין אייער־נעכטען, נאכדעם, ווי איך האב אבגעלעגט פאר דיר מיין שבועה!

— איך פערשטעה דיך נישט, אסתר — זאגט די אלטע פרוי — ווי אזוי איז פלוצים געווארען דער האס פון דיין הארץ אבגעווישט?

— אין דעם הייליגען ספר גורלות, אין דער טהייערסטען ירושה פון מיינע עלטערן — ענטפערט אסתר — האב איך בעקומען א ענטפער אויף מיין פראגע, וועלכע האט מיר געעפענט די אויגען!

— אויב די האסט דיך געענדערט און ביזט שוין נישט מעהר שטאל'ץ און איינגעבילדעט — זאגט פרוי שפירא — קום־זשע אהער און העלף אונז ביי דער ארבייט. מיר גרייטען דא אן טיכער און בינדען פאר אונזערע מענער, כדי צו פערבינדען זייערע וואונדען אין דעם שווערען קאמפף, וואס ערווארט אונז אצינד!

שווייגענדיג נעמט אסתר א שטיק לייוואנד און זעצט זיך צום טיש צו דער ארבייט גלייך מיט די אנ־ דערע יודישע פרויען און מעדכען.

(פארטזעצונג קומט).

# די „ירושה".

(הומארעסקע).

שרה־בריינע די אלמנה וואהנט אין א קליין שטיבל אויפ'ן צווייטען שטאק. שוין זייט 20 יאהר, זייטדעם איהר מאן, אלי' דער גלער, איז געשטארבען, וואהנט זי אין דערזעלבער דירה. אלע שכנים פונ'ם הויז קענען זי, האטשי זי פערקעהרט ווייניג־וואס מיט זיי און וועה־ רענד דער גאנצער צייט האט זי זיך מיט קיין איינציגער שכנת'ע נישט געקריגט — א זאך, וואס טרעפט זיך זעלטען צווישען דעם סא־ט מענשען, וואס וואהנט אין דעם אלטען, גרויסען, שמוציגען הויז.

איהר מאן, אלי' דער גלער, איז אמאל געוועזען א שטיק לייט. א מעקלער פון דירות און אמאל טאקי אויך פון הייזער. יעדען דאנערשטאג, ווען עס איז געוועזען מארקט אין שטאדט, פלעגט ער זיך ארויסכאפען אויפ'ן בהמות־פלאץ, אויסמעקלען א בהמה'לע, זיך צוטשעפען צו א קצב, וואס האנדעלט א יאלעווקע ביי א פויער, זיך דרעהען און מאכען מיט די הענד, און אריינהאפען אדער „א רוח אין טאטען אריין". ווען דאס געשעפט איז נישט געלונגען, אבער א פאר מטבעות, ווען ס'איז געלונגען...

אבער קיין גרויס פערמעגען האט אלי' דער גלער נישט איבערגעלאזט. ווען ער האט זיך 30 יאהר נאך דער חתונה אין א קאלטען ווינטער־טאג פערקיהלט, גע־ לעגען קראנק עטליכע וואכען און געשטארבען.

קינדער האט שרה־בריינע מיט איהם נישט געהאט. זי איז געבליעבען אליין, עלענד ווי א שטיין. האבענדיג קוים עטליכע ווייטע קרובים אין שטאדט, מיט וועלכע זי פלעגט אבער ווייניג פערקעהר'ען, ווייל איהר מאן, אלי' דער גלער, האט זיך אמאל מיט דער משפחה צו־ קריגט.

שרה־בריינע איז געוועזען א פראסטע, שטילע יודינע, ווייל איהר מאן איז געוועזען א מעקלער און האט תמיד פערדיענט אויף פרנסה, איז זי שטענדיג געזעסען אין דער היים און האט נישט געפיה־ט קיין עסקים. בליי־ בענדיג אצינד אליין, א אלמנה פון איבער 50 יאהר, נאך דאצו א קראנקע, א הוסטעדיגע, האט זי זיך צו קיין געשעפטען נישט גענומען, דאס ביסעל געלד וואס איז איהר געבליעבען, האט זי געלעגט אין א באנק אריין. יעדעס קווארטאל פלעגט זי ארויסנעהמען דאס פראצענט און זיך קויפען, וואס זי האט בעדארפט. אויף פרנסה אבער האט זי פערדיענט, ווי אלע ארימע ווייבער: דורך פליקען פעדערן, שארעכטען זאקען, נייען זעק, וכדומה, מיטשטיינס־געזאגט: וואס האט זי דען איט גאנצען בע־ דארפט אויף פרנסה?

ווי לאנג דער מאן האט געלעבט, האבען זיי גע־ וואהנט אין שטאדט, אין א ריינער שענער דירה. אצינד אבער האט זי זיך געדונגען א קליין שטיבעל אין א הינ־ טערגאס, כדי עס זאל זי קאסטען ביליג און אזוי וואהנט זי שוין —א זייט 20 יאהר.

אין דער ערשטער צייט פלעגען זיך די שכנת'עס פרובען, מיט איהר אריינצוגעהן אין תוך־זאכען, פון וואס זי לעבט, אויב זי האט געלד וכדומה. אבער זי האט תמיד געענטפער'ט האלבע ווערטער און די שכנת'עס האבען פון איהר אבגעלאזט.

— עפ'ס א מאדנע יודינע! — פלעגען זיי זאגען — האלט זיך דארינטער. גלייך זי וואלט געוועזען ווער ווייסט וואס! מילא, אלי' דער גלער איז טאקי געוועזען א שענער פערדיענער, אבער געשטארבען א קבצן גלייך ווי אלע יודען, און דו ביזט א קבצנ'טע גלייך מיט אונז א סימן דו ביזט פערקראכען ביז אהער. וואס'זשע בלאזט דו דיך אזוי?

שרה־בריינע אבער האט זיך ווענען דעם שושקערייען און גערעדעריי ווייניג וואס געקומערט. זי איז זיך גע־ גאנגען איהר וועג, האט מיט קיינעם נישט דערטשעפעט און קיינער האט זי נישט דערטשעפעט.

זייט עטליכע חדשים איז זי קראנק. שוין א גאנץ יאהר קען זי נישט מעהר פליקען קיין פעדערן, נישט פעררעכטען קיין זאקען... זי זעהט נישט אפילו אויף דער בריל. אין די לעצטע פאר יאהר פלעגט זי שוין ווייניגער פערדיענען. זי האט שוין געמוזט ארויסנעהמען פון דער באנק אויך א טהייל פונ'ם קאפיטאל אויף דירה־ געלד און אצינד, זייטדעם זי איז קראנק, עסט זי שוין איבערהויפט פון גרייטען.

זי לעבט אבער ווייטער רוהיג און צופריעדען. וואס־איז, דאס ביסעל געלד וועט זיך באלד אויסלאזען? ווי לאנג וועט זי דען נאך לעבען! א קראנקע יודינע פון 70 יאהר! די פאאר וואכען וואס זענען איהר נאך בע־ שערט צו לעבען, וועט זי שוין דורכשטארקען.

איהרע קרובים ווייזען זיך אויך אצינד ביי איהר זעהר זעלטען. א ארימע, קראנקע מוהמע, וואס האט מען ביי איהר צו טהון?

* * *

היינט פיהלט זי זיך זעהר שוואך. עפים ווילען זי שוין די פוס נישט טראגען און זי קען קוים ארויסקריכען פונ'ם בעט. זי מוז רופען א דאקטאר.

מיט שווערער מיה דערבעט זי זיך ביי א שכנ'טע, זי זאל שיקען איהר יונגעל נאכ'ן דאקטאר וואס וואהנט אין דער צווייטער גאס.

דער דאקטאר איז געקומען, האט זי אונטערזוכט און געזעהען, אז עס איז אלטערס־שוועכע. ווען מען זאל זי גוט פסלעגען, קען זי נאך לעבען א צייט לאנג, אויב נישט, זענען איה־ע טעג געצעהלט...

ווער אבער זאל זי פסלעגען!

אין הויז, אויף די טרעפ זענען געשטאנען עטליכע שכנ'טעס פערזאמעלט. זיי זענען נייגעריג געווען צו הע־ רען וואס דער דאקטאר וועט זאגען.

— נישטא קיין סך צו האפען! — ענפער'ט ער אויף זייער'ע פרעגענדיגע בליקען. —

— נעביך, אנ'ארימע אלמנה! זיפצט א שכנ'טע...

— ארים? פ־עגט דער דאקטאר — הלואי וואלט איך דאס פערמאגט! — מאכט ער זיך א שפאס...

באלד אבער זענען דעם דאקטאר'ס ווערטער בע־ קאנט געווארען איין גאנצען הויז.

— זי ליעגט נעביך אליין, עלענד ווי א שטיין— זאגט גרוינע די שניידערין — עס איז א גרויסע מצוה, מען זאל איהר ארויפטראגען א ביסעל ווארמע זופ...

אין טאקי תיכף טראגט זי ארויף דער „ארימער אלמנה" א פעט ביסעל זופ...

א האלבע שעה שפעטער איז אויך די שוסטערין פון ערשטען שטאק געוועזען ביי דער אלמנה.

— שרה־בריינע קרוין — זאגט זי מיט א רחמנות־ פנים — איהר זיינד דאך גאר קיין מין מענש נישט... סטייטש, מען איז קראנק, זאגט מען קיינעם נישט אויס און מען ליעגט אליין אין שטוב! — מיר זענען דאך עפים יודען! הלעבען, ווי איך בין נישט פערקויפט אין שטוב, וועל איך יעדען טאג עטליכע מאל צו אייך ארויפ־ קומען. מיין עלטסטע טאכטער, ביילע, וועט דא היינט נעכטיגען — א קראנק מענש טאר נישט בלייבען אליין אין שטוב.

קריינדיל די קצב'טע האט אויך בעקומען א רחמנות'דיג הארץ. זי האט ארויפגעבראכט א סלאיקעל אנגעמאכטס, א פלעשיל סיראפ און עטליכע פאמעראנצען.

שרה־ברײנע די אלמנה האט אנגעהויבען אויפצולעבען. זייט 20 יאהר, זינטדעם איהר מאן אלי' דער געלער איז געשטארבען, האט זי נישט גענאסען אזוינע מאכלים ווי איצט. שטענדיג איז איהר שטיבעל געוועזען פול מיט שכנ'טעס. מען האט זיך געפארעט, געקאכט און געבאקען, אויסגעקעהרט די שטוב און געלופטערט דאס פענסטער.

פון נאכט פלעגט דארט תמיד איינע אנדערע שכנ'טע גענעכטיגען. יעדע האט זיך בעמיהט, זי צו אונטערהאלטען, איהר צו דערצעהלען מעשיות, וויצען, אנעקדאטען, גלייך־ווערטליך. שרה־ברײנע האט געלעבט ווי א גבירישע קימפעטאָרין.

די קרובים האבען אויך אנגעהויבען עפטערס צו קומען, און נישט מיט ליידיגע הענד; געקאכטס און געבאקענס, פלעשעליך ווין און פאמעראנצען, לעקיך און שאקאלאדע, כל־טוב.

שרה־ברײנע האט אנגעהויבען ווידער צו קומען צו די כחות. זי איז שוין געוועזען אים שטאנד, ווידער ארויפצוקריכען פונ'ם בעט. און דער דאקטאר, וועלכען די קרובים האבען א־אבגעבעטען, האט געזאגט, אז עס פעהלט איהר א ביסעל פרישע לופט און ס'וואלט געוועזען כדאי, זי זאל זיך אין א שענעם טאג א ביסעל דורכפאהרען שפאצירען.

קוים האט דאס שוועסטערקינד רבקה פוינעלמילך די ווערטער געהערט, איז זי פייל פון בוינען אראבגעלאפען און געבענגט א פיאקער. אלע שכנ'טעס האבען זיך בעמיהט, די קראנקע אנצוטהון און אראבצופיהרען פון די טרעפ. מען האט זי אויפגעזעצט אויף'ן פיאקער און א דריי־פיער שכנ'טעס, וואס האבען געראדע געהאט צייט זענען מיטגעפאהרען...

דעם אנדערן טאג איז ווידער דאס אנדערע גליידגעשוועסטערקינד, רחל בראנזילעטין, געקומען מיט אן אנדערן דאקטאר. דער האט דער קראנקער מיהמעניו — אזוי האט שרה בריינע אצינד געהייסען — פערשריבען קאניאק און מעריצינאל־ווײן. דאס גליידגעשוועסטערקינד האט דאס תיכף געבראכט און געבעטען די מוהמעניו, זי זאל זיך נישט זשאלעווען...

— דו בדויכסט דיר נאר נישט צו זשאלעווען, מוהמעניו — זאגט זי — דו ביזט נישט אליין, גאט צו דאנקען. מיר וועלען דיך נישט פערלאזען, מיר וועלען שוין פאר דיר זארגען אויף דער עלטער.

שרה־בריינע קען דאס אלעס נישט פערשטעהען. עס דוכט זיך איהר, אז זי האט טאקי געזונדינט. וואס זי איז תמיד געוועזען אזוי דערווייטערט פון איהרע קרובים און פון איהרע שכנים...

— א יודישע נשמה לאזט זיך נישט אבשאצען!

— קלערט זי ביי זיך — דוכט זיך ארימע ווייבער, יעדע מיט א קופע קינדער, מיט צרות און דחקות, און דאך ווי זיי בעמיהען זיך ארום מיר, ווי זיי פפלעגען מיך ווי א אייגענעם מאמע... מיר יודען זענען טאקי רחמנים בני רחמנים!

* * *

די גוטע פפלעגע, דאס ווארמע אינטערעסע פון איהרע קרובים און שכנים, האבען אבער שרה־בריינען נישט געקענט שענקען קיין נייע יאהרען... די שענע ליכטיגע טעג אין איהר פערקימערט לעבען זענען געוועזען קורץ און באלד איז געקומען איהר לעצטער טאג...

זי האט גוט געפיהלט, אז אט אט לעשט זיך אויס איהר נשמה־ליכט און האט געבעטען, מען זאל שיקען נאך'ן רב.

— איך וויל זאגען וידוי און איבערגעבען דעם רב, וואס ס'זאל געשעהען מיט מיין ביסעל ארומקייט!— זאגט זי.

די שכנ'טעס האבען באלד דעם רב ארויפגעבראכט. שרה־בריינע האט נאכגעזאגט וידוי, וואס ביי ווארט, זיך געקלאפט אין הארץ און געוויינט ביטער טרעהרען אויף איהרע חטאים.

דערנאך האט זי דעם רב איבערגעבען שטילערהייד, וואס ס'זאל געשעהען מיט איהר לעצט ביסעל ארומקייט.

דער רב האט זיך אלעס פערשריבען און איז אוועקגעגאנגען.

א הלוית האט שרה־בריינע געהאט ווי א גבירית'טע, דאס גאנצע הויז האט זי בעגלייט, אלע געשוועסטער־קינדער און גליידגעשוועסטער־קינדער מיט זייערע קינדער און אייניקליך... א שכן, שמש אין דער אלטער שוהל, האט געזאגט קדיש אויף איהר קבר און צוגעזאגט, אז ער וועט זאגען קדיש א גאנץ יאהר.

די קרובים און די שכנים זענען פון דער הלויה געגאנגען צום רב, הערען די צואה פון דער געשטארבענער. יעדער האט ביי זיך בערעכענט, אז ער וועט בעקומען א שענעם חלק ירושה, האט דאך די אלטע שרה־בריינע צוגעזאגט, אז זי וועט אהן זיי נישט פערגעסען און וועט יעדען אבדאנקען פאר זיין גוטס...

דער רב קוקט אן דעם גאנצען עולם איבערראשט.

— וואס פערלאנגט איהר? — פרעגט ער.

— מיר ווילען הערען די צואה פון דער אלמנה שרה־בריינע — ענטפערן אלע מיט אמאל...

— די צואה, מישטיינס געזאגט, פון א ארימער אלמנה — זיפצט דער רב און נעמט ארויס א קליין נאטיצביכעל אין וועלכען ס'איז אלעס פערשריבען. די „יורשים" שטופען זיך. יעדער וויל שטעהען נאהענט ביים רב און הערען ווי אם דייטליכסטען...

— שטופט אייך נישט! — בעט דער רב — איך וועל לייענען הויך, יעדער וועט הערען. הערט זשע אויס:

„מיין געשוויסטער־קינד רבקה פוינעלמילך שענק איך מיינע מעשענע לייכטער, מיין גליידגעשוויסטער־קינד רחל בראזילעטין דעם הענגלייכטער, מיין גליידגעשוויסטערקינד שרה גרינער די מעשענע עסים און דאס הנוכה־לעמפיל. גרוינע די שניידערין זאל בעקומען דאס לאקשענברעט און דאס וואלגערהאלץ, חוה די שוסטערין די קאטשערע, די לאפיטע מיט'ן זאלצקיישעל, די מיליכיקע טעפליך און טעלערליך זאל נעהמען לאה די חלה־בעקערין און קריינדיל דער קצב'טע שענק איך דאס פליישיקע געפעס... מיינע העמדער און קליידער שענק איך דער שמשטע סילקא. די בעטען און די קישענס זאל מען פערקויפען און מיר דינגען א קדיש... דעם טיש, די צוויי בענקליך און די שאפע זאל מען געבען אין דער ווייבערישער קלויז אריין דארט וואו מיין מאן און איך פלעגען דאווינען"...

די קרובים און די שכנ'טעס הערען דאס אלעס אוים מיט גרויסע אויגען... איינע קוקט אויף דער אנדערע.

— וואס זאגסטו צו א'הר קאפ — חאפט זיך ארויס קריינדיל די קצב'טע...

— שאט, איך בין נאך נישט פארטיג — זאגט דער רב און לעזט ווייטער:

— „אין דער שפאר־קאסע...

— שאט, שאט! — שרייען די ווייבער, — הערט נאר אויס; אצינד קומט ערשט דאס וויכטיגע... אין דער שפארקאסע...

— אין דער שפאר־קאסע — לעזט דער רב ווייטער — קומט מיר יאך דאס פראצענט פון לעצטען קוואַרטאל. ווען איך האב ארויסגענומען דאס לעצטע ביסעל געלד, האט מען מיר דאס פראצענט נישט געצאהלט, ווייל דער בוכהאלטער האט נישט געהאט קיין צייט צו בערעכענען און איך האב נישט געקענט ווארטען. אט דאס פראצענט זאל מען ארויסנעהמען און בעצאהלען פאר די תכריכים און פאר'ן קבר"...

— שוין, שוין? — פרעגען די קרובים און די שכנ'טעס...

— וואס ווילט איהר נאך? — זאגט דער רב — ס'איז דאך געווען אן ארימע אלמנה...

ווי אבגעפאטשט קריכען די קופע ווייבער ארויס...

— א שוואַרצ'ן יאהר אויף איהר! — שרייט די שניידערין.

— ארויסווארפען אויס'ן קבר זאל עס זי פאר מיינע מיה! — העלפט אינטער די שוסטערין...

— א רוח אין טאטען דעם דאקטאר דעם לינגער!— שעלט די קצב'טע.

— שאט'ס, שעלט'ס נישט א טויטען—זאגט דער שמש—קומט, לאמיר בעסער געהן אפצונעהמען די ירושה...

און די קופע ווייבער לויפט אהיים, נעהמען די „ירושה" פון דער אלטער אלמנה שרה־בריינע...

ק—ל.

# פון נאהענט און פון ווייט.

— פאר צוויי וואכען איז אין פראנקרייך געשטארבען דער בעריהמטער שוישפילער קאקעלין דער עלטערע; מאנטאג איז ווידער געשטארבען קאקעלין דער יונגערע. — די ביידע שוישפילער זענען געוועזען זעהר בעריהמט אין זייער פאך און די דראמאטישע קונסט האט זיי זעהר פיעל צו פערדאנקען.

— די טערקישע צייטונגען דערצעהלען אן אינטערעסאנטע געשיכטע וועלכע איז גלייך אין א סך פונקטען צו דעם פראצעס פון דרייפוס. דער העלד פון דער דאזיגער געשיכטע, איז דער אידישער דאקטאר יוסף־עפענדי־קא־מאנא. קומענדיג צוריק אין 1886 פון איראק־אראבי וואו מ'האט איהם געשיקט איינצוהאלטען א מגפה, וואס האט זיך דארט געהאט פערשפרייט אונטער די טערקישע סאלדאטען — האט דער דאקטאר בעקומען א טיטעל „מאיאר", און מ'האט איהם איבערגעגעבען די הויפט־הנהגה פון מיליטער־האספיטאל אין אדריאנאפאל. צוויי פון זיינע קאלעגען האבען זיך אבער דארט אין איהם מתקנא געוועזען און האבען געמאכט ידיאחת מיט א פאנאטישען קיימאקאם, כדי אויפצוגראבען אויף איהם א שווערען בילבול. ד"ר עפענדי־קא־מאנא איז געווארען איינגעלאדען פאר'ן קריגס־געריכט אין אדריאנאפאל וועלכער האט ביי דעם אויסשולדיגען אבגענומען זיין טיטעל און איהם אבגעזאגט פון שטעל. דער פאטער פון דעם פערמשפט'ען, וועלכער איז געוועזען א סענאטאר, א מיטגליעד פון טערקישען שטאטס־ראט און דער פארזיצענדער פון דער יודישער געמיינדע אין קאנסטאנטינאפאל — האט ניט געקאנט איבערטראגען דעם בזיון און איז געשטארבען פון עגמת־נפש. דער פערורטיילטער אליין אבער האט אין א משך פון צוואנציג יאהר ניט אויפגעהערט משתדל צו זיין זיך, אז מ'זאל איבערקוקען זיין משפט. בעת דער אלטער רעזשים האט נאך עקזיסטירט אין טערקיי, האט אבער קא־מאנא'ס השתדלות נאר ניט געהאלפען. ערשט ווי עס איז איינגעפיהרט געווארען די קאנסטיטוציע, איז דער דאקטאר קא־מאנא געקומען נאך קאנסטאנטינאפאל און ס'האט זיך איהם איינגעגעבען צו פועל'ן ביים קריגס־מיניסטער, אז מ'זאל רעוידירען זיין משפט. דער קריגס־געריכט האט זיך פערזאמעלט פון דאס נייע און האט אנערקענט, אז דער אונגליקליכער דאקטאר האט געליטען נאר אומזיסט צער און בזיונות און א משך פון מעהר, ווי צוואנציג יאהר. אלס בעלוינונג האט דער דאקטאר קא־מאנא בעקומען דעם טיטעל גענעראל און איז ווידער געווא־ען מיליטער־דאקטאר.

— פון רוים מעלדעט מען, אז געוויסע פישער האבען געהרגע'ט און ארויסגעשלעפט אויפ'ן ברעג א גרויסען הייפיש. בשעת זיי האבען איהם צו שניטען האבען די געפונען אין איהם א פוס פון א מאנספערשוין אנגעטהון אין זאקען און שטיוועל. די פישער האבען אויך געמאלדען וועגען דעם דער פאליציי און א גרויסער המון האט זיך צונויפגעקומען זעהען די שרעקליכע ערשיינונג. דאן האבען די פישער ווייטער געזוכט אין מאגען פון דעם פיש, און האבען ארויסגענומען נאך צוויי פיס, צוויי הענד און א קאפ ווי עס ווייזט אוים פון א קליין מיידעל. און נאך אנדערע צוויי הענד מיט א קאפ וועלכע שטאמען, ווי עס ווייזט אוים, פון א מאנספערשוין, און חוץ דעם נאך א סך חלקים פון מענשליכע קערפער. עס איז געוועזען אוממעגליך צו דערקענען ווער די מענשען זענען. מען רעכענט, אז זיי שטאמען פון די אונגליקליכע פון דער ערד־ציטערניש אין דרום־איטאליען.

# בכל־מכל־כל.

(שטורם איבעראל. — שטורם אויף די גאסען. — שטורם אים עסטערייכישען רייכסראטה — מאדערנע העלדען — נייע מערטירער — געקינצעלטע ענטריסטונג — געשטורמט די נייע באסטיליע -- שטורם וועגען א ראטום — רשפי־אש, שלהבת־יה).

שטורם, שטורם איבעראל,

פארינע וואך האט געהערשט אין פיעל אייראפעאישע געגענדען א שרעקליכער שטורם. דער ווינד האט אויש איבערגעקעהרט הייזער און געטראגען מענשען אין די לופטען. אין וויען און אין ווארשא זענען פארגעקומען פיעל אונגליקס־פעלע און נאך ־מעהר קאמישע סצענעס. טראמוואי־וועגען האבען זיך איבערגעקעהרט, נומי־ראדלעך זענען אויפגעשטירצט, שווערע לאסטוועגען האבען געשטאפלט און אויסגעשיט זייער שווערען אינהאלט אויף די גאסען — עס איז נישט געווען אויסצוהאלטען.

די נאטור, ווען זי צעלאזט זיך אמאל די הענד, העלפען קענען איהר נישט קיין שום תחבולות, קיין שום שפעקולאציעס. אויב ערדציטערניש אדער בייזע ווינטען, פייער אדער וואסער — דער מענש מיט זיין הכמה בלייבט שטעהען ווי א גולם, שטעלט ארויס די צונג, גלאצט ארויס א פאר אויגען און ווערד אויס קאפעלוש־מאכער...

אט אזוי איז זיך נוהג די נאטור. אבער זי האט אויך די גוטע טבע, אז זי שהוט יעדע זאך מיט מאס; אויך איהר שגעון, איהר צעלאזען זיך האט א גרעניין... דער גרעסטע שטורם, די געפעהרליכסטע איבערשווענונג, די שרעקליכסטע שרפה דויערן א ווילע, דערנאך הערען זיי אויף און עס ווערד ווידער רוהיג.

און איבערדעם פיינט זיך דער שטאלצע מענש פאר איהר גרויסער מאכט, איז מקבל באהבה איהרע ישמיין און ווערד מיט איהר ווידער חבר, קוים ווייזט זי איהם א פריינדליך פנים.

* * *

פיעל געפעהרליכער איז אבער די מענשליכער נאטור, ער, די שטאלצע בריאה, ווען ער צופיהרט זיך די הענד, איז ער פיעל ווילדער און דורך דעם טאקי עקעלהאפטער...

דער שטורם פון דער נאטור האט ביי זיין גאנצער שרעקליכקייט עפים שענעס, גרויסעס, ערהאבענעס אין זיך. אבער דער שטורם, למשל, וועלכען עס האבען אויפגעפיהרט די טשעכישע ראדיקאלען אין עסטערייכישען פארלאמענט, איז בלויז ווילד, גראב, קיין ציי‍כען פון שענקייט און גרויסקייט.

שטירמישע סצענעס אין פאלקספערטרעטונגען זענען שוין אפט פארגעקומען, עס גיפט מאמענטע, ווען די ווערלע פונים פאלק דערהיצט זיך, זי ווערד אויפגערעגט, אויפגעפייטשט און מאכט זיך לופט דורך א שטורם פון ענטריסטונג, דורך דעם דורכברעכען פון אלע גרעניצען פון אנשטאנד, טאקט און נוטער זיטע... אט אזא שטורם איז נאטירליך, גרויס און אפילו דער געגנער פייגט זיך פאר איהם...

אבער א פלאן־מעסיגער שטורם, א ענטריסטונג, וועלכע מען האט אנגעגרייט פון נעכטען אן, א ליארם, פאר וועלכען מען האט איינגעם פארבערייטעט די וועקער, די פייפערלעך, די גראגערס און די הארמאניקאס — דאס מוז יעדען, אפילו דעם גרעסטען פריינד, עקלען... אזא שטורם איז גראב, אורדינער ניעדערטרעכטיג און ער מוז איבערדעם ארויסרופען פעראכטונג און ענערגישע צוריקווייזונג...

עס ווייזט זיך ווידער אמאל ארויס, אז וואס מעהר די מענשהייט ענטפערנט זיך פון דער נאטור, וואס מעהר זי ווערד געקינסטעלט און פרעפאריערט, אלץ קליינליכער, ניעדריגער ווערד זי, און די פיאזען פון פארטשריט, ציוויליזאציע, פראגרעס, ערשיינען נאך לעכערליכער ווי זיי זענען אין ווירקליכקייט...

וואס האט, למשל, אין אלטע צייטען געהייסען העלדענטהום, מארטירערטהום? ווער האט געגאלטען אלס נאציאנאלער העלד, אלס רעליגיעזער מארטירער? דער־יעניגע, וואס האט פערגאסען זיין בלוט אויף דעם שלאכטפעלד, וואס האט זיך מוסר־נפש געווען פאר זיין פאלק, אדער פאר דער היילינער זאך, פאר וועלכער ער האט געקעמפפט. מיר יודען קענען נאגיך גוט דאס ליעדעל פון קידוש־השם! אונזערע אבות האבען זיך געלאזט פערברענען אויף שייטער־הויפענס, האבען געפוילט אין די קעלערס פון דער אינקוויזיציע, געוואנדערט פון לאנד צו לאנד, און האבען נישט געוואלט פערראטהען זייער היילינע רעליגיאן! דאס הייסט אמת'ע מערטירער, ווירקליכע העלדען!

היינט ברויכט מען שוין דאס נישט! די טשעכישע „נאציאנאלע העלדען" בעקומען דעם טיטעל פיעל ביליגער... אזא פערשוין ווי קלאפאטש, חאיק, פרעסל, ליסי און זייערע חברים קויפען זיך פייפערליך, ציעה־הארמאניקאס, גראגערס, קלעפערליך — און דאמיט ווערען זיי נאציאנאלע העלדען! זיי פיהרען אויף א מאנסטרע־קאנצערט אין פארלאמענט, צערט־רייבען די פערטרעטער פון א האלבטייך נאציאנאליטעטען — און דאס איז זייער גבורה! זיי שטעלען זיך נישט איין דאס לעבען, עס רינט קיין בלוט, העכסטענס ווערד איינעם אדער דעם אנדערן דער ראק א ביסעל שמוציג און עס שוויצען זיינע הענד — דאס זענען מאדערנע העלדען, ניי־מאדישע מערטירער!

יעדעס פאלק האט דאס רעכט און די היילינע פפליכט צו קעמפפען פאר זיינע אינטערעסען — אבער ווענען א ווערטיל „צולעסינג" אדער „בערעכטינט" אויפצופיהרען אזא מאדנע שטורם, אזא עקלינע קאמעדיע — דאס איז שוין מעהר ווי עקסצענטריק. דאס איז ענטוועדער שגעון אדער קאלטע בערעכנענטע ריקזיכטסלאזינקייט — פון אזא מין שטורם לאכט דער פריינד און עס מאכט הוזק דער פיינד! בייפאל קלאטשט נאר דער פערפיהרטע, דער בעטראגענע, דער אבגענארטע, דאס איינענע פאלק!

די ווירטהשאפטליכע לאגע אין בעהמען איז אין די לעצטע צייטען נישט בעזונדערס גוט. דורך דען באיקאט אויף עסטערייכישע סחורות אין דער טירקיי, האט די אינדוסטריע שטארק געליטען... די טשעכישע נאציאנאלהעלדען אבער ווילען דעם עלענד אבהעלפען... זיי האבען ענרעקט א נייעם אינדוסטריעלען צווייג, וועלכער וועט געבען דעם טשעכישען פאלק בעשעפטיגונג און ברויט: זיי האבען ערפינדען א ניי מין גראגער, וואס גראגערט העכער פון אלע גראגערס... זיי לאזען איהם פאטענטירען און באלד וועלען די הונדערט־טויזענדע ארבייטסלאזע אין בעהמען האבען בעשעפטיגונג: אנצופערטיגונג די אבשטרוקציאנס־גראגער לויט דעם נייעם פאטענט... הורא! עס לעבע די טשעכיש־נאציאנאלע אינדוסטריע!

* * *

זייטדעם די פראנצויזען האבען געשטירמט די באסטילע און האבען די מענשהייט בעגליקט מיט „פרייהייט, גלייכהייט און ברידערליכקייט", איז דאס שטורמען ביי זיי געווארען א ליעבלינגס־בעשעפטיגונג... אונטער דעם ערשטען נאפאלעאן האבען זיי געשטורמט א האלבע וועלט, ביז מען האט זיי געקלאפט איבער די פינגער; אונטער דעם דריטען נאפאלעאן האבען זיי געשטירמט און געשטירמט איבעראל, אין דער קרים, אין לאמבארדיי, אין מעקסיקא, אין כינא — ביז צום שטורם פון סעדאן...

אצינד שטירמען זיי ווייטער, אבער נישט פעסטונגען און מלוכות... דאס איז נישט מעהר מאדערן... זיי בעשטירמען זייער פרעזידענט, ער זאל אונטערצייכנען טויד־אורטהיילע, כדי די היילינע גילאטינע זאל נישט פערגעסען ווערען; און ווען זייער שטירמען העלפט נישט און דער פרעזידענט בעגנאדיגט עטליכע פערברעכער, שטירמען זיי דאס קרימינאל און ווילען די בעגנאדיגטע מיט געוואלט קירצער מאכען מיט א קאפ...

אזוי איז געשעהען פארינע וואך אין א קליין שטעדטיל אין פראנקרייך. אים דארטיגען קרימינאל זיצען צוויי צום טויד פעראורטהיילטע. דאס גאנצע שטעדטיל פרייט זיך שוין, וואס באלד וועט ארויסקומען די גילאטינע און ווייזען, ווי אזוי מען האקט מענשען אב דעם קאפ אהן הכמות אהן קונצען, בלויז מיט איין האנדבעוועגונג. זאגט אבער פרעזידענט פאלליער, איך האב דעם פאלק צוליעב געטהון און אונטערגעשריעבען טויד־אורטהיילע — דאס איז שוין גענוג, די איבריגע פערברעכער וויל איך בעגנאדיגען אויף לעבענסלענגליכען קערקער. דאס שמעקט נישט די בירגער פראנצויזען, און זיי שטירמען דאס קרימינאל, מען זאל זיי ארויסגעבען די פערברעכער, זיי ווילען זיך אליין מאכען א משפט...

לינטשריוסטיץ קומט אפט פאר, עס טרעפט זיך אז דאס פאלק ווערד אויפגערעגט ווענען א שייסליך פערברעכען און נישט ווארטענדיג, ביז דער פערברעכער וועט רעגעלרעכט ווערען פעראורטהיילט, נעבען זיי איהם אליין דעם פסק... דאס איז בעגרייפליך... אזא שטורם איז נאטירליך, ווען אויך אפשר נישט בערעכטיגט.

אבער א שטורם אויף פעראורטהיילטע חדשים־לאנג נאכ'ן אורטהייל, דאס איז נישט נאטירליך, נישט עהרליך, דאס איז קאמעדיענהאפט, עקעלהאפט, ניעדריג און קליינליך...

די שטורמער פון דער פאריזער באסטילע וואלטען זיך איבערגעדרעהט אים קבר, ווען זיי זאלען צוזעהען, צו וועלכען צוועק זייערע אייניקליך שטירמען די היינטיגע ארעסטען!

* * *

א ווארשאווער יודישער צייטונג שטירמט און איז מרעיש עולמות, ווענען א „בעטרוג", וועלכען עס בעגעהט א נייע יודישע טעגליכע צייטונג אין ווילנא. די נייע „קאנקורענטין" נארט אפ דאס פובליקום, דרוקענדיג דאס בלאט מיט דעם דאטום פונ'ם קומענדען טאג...

יעדע צייטונג האט דאס רעכט און די פפליכט, אויפצודעקען יעדען שווינדעל און יעדען בעטרוג, און אפילו קאלענען דארפען נישט ווערען פערשוינט... אבער צו שטירמען ווענען אזא „פערברעכען", וועלכעס עס בעגעהען איבעראל זעהר פיעל גרויסע צייטונגען אין אייראפא דרוקענדיג זייער בלאט אבענדס מיט דעם דאטום פון מארגענדינען טאג, אין וועלכען עס קומט די לעזער אין די הענד — אזא מין שטורם איז טאקי העכסט מאדערן, ער פאסט גוט צום שטורם פון די טשעכישע ראדיקאלען אין עסטערייכישען פארלאמענט, צום שטורם פון די בירגערע פראנצויזען אויף די ארעסטען...

* * *

שטורמט, שטורמט, איהר אלע, וואס עס געשעהט אייך אונרעכט, זייט מרעיש עולמות, שרייט און ליארמט. עדלע, עהרליכע ענטריסטונג איז היילין, הויך, ערהאבען... צעהרט אבער נישט דאס עדלע היילינע ווארט אין דער בלאטע, מאכט דאפון נישט הוזק, מאכט דאפון קיין קאמעדיע, ווייל איהר מאכט אייך אליין לעכערליך!...

„עזה כמות אהבה, קשה כשאול קנאה, רשפיה רשפי אש, שלהבת־יה", זאגען מיר יודען יעדען פרייטאג צו־נאכט אין שיר־השירים. „שלהבת־יה" מוז זיין ביי יעדער אהבה, ביי יעדער קנאה, ביי יעדען שטורם, ביי יעדען ליארם... אט דאס געדענקט־זשע גוט און האט מיר א

נוטען שבת.

---

# פאליטישע נייעס.

דער עסטערייכישע רייכסראטה איז געשלאסען, די סעסיע פונ'ם בעהמישען לאנדטאג, וועלכע איז בלויז געווען פערטאגט, איז געשלאסען געווארען, און די רעגיערונג גרייט זיך אן, צו רעגירען א צייט לאנג מיט דער הילף פון פאראגראף 14. יענעם פאראגראף, וועלכער איז א פערשעמטע פערדעקונג פון אבסאלוטיזמוס... עס איז איהר קיין אנדערע ברירה נישט געבליעבען, נאכדעם ווי אלע בעמיהונגען און אנשטרענגונגען, דורכצופיהרען א אויסגלייך צווישען די טשעכען און די דייטשען, זענען נישט געלונגען. די וויכטינסטע געזעצע, וואס זענען געבינדען אין א טערמין, ווי דאס רעקרוטען־געזעץ, די האנדעלספערטרעגע מיט די באלקאן־שטאאטען וכדומה, וועלען איינגעפיהרט ווערען אהן פארלאמענט. די אנדערע געזעצע וועלען ווארטען, ביז דאס פארלאמענט וועט ווערען ארבייטס־פעהיג.

קודם אבער וועט די איצטיגע פראוויזארישע רעגירונג אימגעענדערט ווערען אין א שטאביל בעאמטען־

מיניסטעריום. ביז איצט זענען די מייסטע מיניסטעריען געלייטעט געוואָרען פון די עלטסטע סעקציאנס־שעפס אלס פּראוויזאָרישע פערטרעטער. אצינד וועט מען ע־נענען שטאבילע מיניסטער. עס ווע־ען שוין אפילו בעקאנט די נעמען פון די נייע מיניסטער. לויט איין ליסטע וועט דאס נייע מיניסטעריום צוזאמענגעזעצט ווערען בזה האופן: מיניסטער פּרעזידענט: באראן ביענערטה. מיניסטער דעם אינערן: דר. הארטל. פינאנצמיניסטער: דר. שפּיצמיללער, וויצעפּרעזידענט פון דער ניעדערעסטערייכישער פינאנצלאנדעס דירעקציע. האנדעלס־מיניסטער: סעקציאנסשעף דר. רעסלער. קולטוסמיניסטער. העררענהויזמיטגליעד גראף שטירגקה. אייזענבאהנמיניסטער: סעקציאנסשעף דר. פארסטער. יוסטיצמינסטער: פּראָפעסאָר לאמאש. די איבריגע מיניסטער וועלען זיין ווי ביזהער. אויך די דריי לאנדסמאן־מיניסטער: דר. שריינער (דייטש), דר. זאטשעק (טשעכע) און אבראהאמאוויטש (פּאָלע) וועלען בלייבען.

לויט איין אנדערע ליסטע וועט זיין פינאנצמיניסטער סעקציאנסשעף דר. יא־קאש־קאך; האנדעלסמיניסטער: דר. ווייסקירכנער, פּרעזידענט פון אבגעארדנעטען־הויז. אויף זיין ארט וועט דער געוועזענער אקערבוי־מיניסטער דר. עבענהאך ווערען פּרעזידענט פון רייכסראטה.

עס לאזט זיך נאטירליך נישט וויסען, אויב דיעזע ליסטען זענען ריכטיג. יעדענפאלס וועט מען באלד האבען געלעגענהייט, צו קענען די נייע מענער, וואס נעהמען אויף זיך די שווערע ארבייט, צו מאכען ארדנונג אין עסטערריך.

* * *

די אונגארן ווילען די פערהעלטניסע אין עסטערריך אויסנוצען פון זייערטוועגען. וויסענדיג, אז דאס עסטערייכישע פּארלאמענט וועט נישט אזוי לייכט נאכגעבען זייערע פאָרדערונגען וועגען דער זעלבשטענדיגער באנק, פערלאנגען זיי אצינד, די אונגארישע רעגיערונג זאל זיך צוויילען און דורכזעצען, אז דאס געזעץ וועגען דער באנק זאל אויך איינגעפיהרט ווערן מיט׳ן פּאראגראף 14 און מען זאל דאס פּארלאמענט נאר נישט פרעגען. שפּעטער וועט שוין זיין פערפאלען... אבער דיעזע האפנונגען זענען גאנץ אומזיסט. — עס וועט זיך נישט געפינען קיין עסטערייכישער מיניסטער וואס זאל אבטהון אזא זאך!... די פראגע וועגען דער באנק קען און וועט נאר מיט הילף פונ׳ם רייכסראטה ווערען ערלעדיגט.

* * *

דאס ענגלישע קעניגספּאאר איז שוין אין בערלין. דער לאנג ערווארטעטע בעזוך איז שליעסליך צושטאנדעגעקומען און דער דייטשע קייזער האט זיינע קעניגליכע געסט עמפּפאנגען מיט׳ן גרעסטען פּאראד. די פּרעסע פון אלע לענדער זעהט אין דעם בעזוך א וויכטיגע פּאליטישע עראייגניס און נאר א טהייל פון דער ענגלישער פּרעסע האלט זיך ביי דער טענה, אז דאס איז א בלויזער העפליכקייטס־בעזוך און האט מיט דער פּאליטיק קיין שום שייכות נישט.

אין אמת׳ן האט די וועלט־געשיכטע שוין געוויעזען, אז צוזאמענקינפטע צווישען קעניגע בעסערן נישט תמיד די פּאליטישע לאגע. אדרבה, מען ווייזט נאך, אז דוקא נאך א זאלכע בעזוכע פערוויקעלט זיך די לאגע נאך מעהר. דאסמאל איז אבער די זאך אנדערש. דער בלויזע פאקט, אז דער אזוי לאנג ארויסגערוקטע בעזוך קומט צושטאנדע, איז א בעווייז, אז דאס פערהעלטניס צווישען דייטשלאנד און ענגלאנד האט זיך געבעסערט און אז די ביזהעריגע רייבונגען זענען אבגעשוואכט געוואָרען.

* * *

דאס איטאליענישע פּארלאמענט איז אויפגעלעזט געוואָרען. די נייע וואהלען וועלען שטאטפינדען אנפאנג מערץ און אם 24 מערץ וועט שוין דאס נייע פּארלאמענט ווידער צוזאמענקומען. דאס פּארלאמענט האט נאך בעדארפט לעבען א גאנץ יאהר, מען האט עס אבער אהיים געשיקט און אויסגעשריבען נייע וואהלען, וויל די רעגיערונג וואלט זיך נישט געקענט האלטען. די הויפּטשוויעריגקייט איז געוועזען, וואס דער מיניסטער דעם אייסערן טיטאני, האט פערלוירען דאס פערטרויען פון דער קאמער. ער האט געסליך מיט עטליכע חדשים צוריק ערקלערט. די עסטערייכישע רעגיערונג האט איהם מבטיח געווען, אז זי וועט בקרוב גרינדען א איטאליענישע אוניווערזיטעט אין טריעסט. אצינד האט די עסטערייכישע רעגיערונג צוואַ־ איינגעבערענט אין רייכס־ראטה אנ׳אנטראג, מען זאל ערעפנען א איטאליענישע יוריסטישע פאקולטעט, אבער נישט אין טריעסט, נאר אין ווין. די איטאליענער זענען דאמיט נישט צופריעדען און האבען פון טיטאני פערלאנגט אויפקלערונג. עס האט זיך ארויסגעשטעלט, אז די עסטערייכישע רעגיערונג האט בלויז ערקלערט, זי וועט די פאָרדערונגען פון די איטאליענער בעפריעדיגען, און טיטאני האט דא־ין געלערנט דעם פּשט, דאס מיינט מען אודאי, אז די נייע פאקולטעט וועט זיין אין טריעסט; די עסטערייכישע רעגיערונג טייטשט אבער אנדערש דעם פּסוק... אט דיעזע פּסוק האט די שטעלונג טיטאני׳ס ערשיטערט און ווייל די גאנצע איטאליענישע רעגיערונג איז מיט איהם איינשטימיג, האט מען ליעבער אויפגעלעזט דאס פּארלאמענט איידער די רעגיערונג זאל דעמיסיאנירען.

* * *

די קריזע אויפ׳ן באלקאן שלעפּט זיך. ווי אין די גוטע אלטע צייטען, עס זעהט אוים, אז די קאנסטיטוציאנעלע טירקיי האט איה־ אלטע מעטהאדע נישט אויפגעגעבען. ווען זי פּאסט איהר נישט א געוויסע זאך, שלעפּט זי דעם אנדערען אזוי לאנג, ביז עס ווערט איהם מיאוס דער גאנצער עסק. אזוי איז מיט עסטערייך־אונגאַרן. שוין עטליכע וואכען, וואס אין די הויפּט־פּונקטען האט מען זיך געאייניגט, דאס פּראטאקאל איז שוין אונטער געשריעבען, עסטערייך האלט שוין דאס געלד פאַרברייטעט און דער באיקאָט האט שוין אביסעל נאכגעלאזט; קומט אבער די טירקיי יעדען טאג מיט נייע טענות, מיט קלייניגקייטען און די זאך שלעפּט זיך אהן א סוף... דאס זעלבע איז אויך מיט בולגאריען. די טירקיי זאגט נישט ארוים בפירוש, אויב זי איז איינשטימיג מיט׳ן רוסישען פאָרשלאג אדער נישט, אז די סומע, וואס זי פערלאנגט פון בולגאריען, זאל ווערען אבגעשריעבען פון דעם חוב, וואס די טירקיי איז שולדיג רוסלאנד אלס ענטשעדיגונג פאר׳ן קריעג פון יאהר 1877; אים פּרינציפּ איז זי מסכים, אבער וועגען פּרטים, וועגען קלייניגקייטען מאכט זי אזוינע חומרות, אז מען ווייסט נישט, צו וויל זי יא, צו וויל זי נישט... שמעקען שמעקט איהר די גאנצע מעשה נישט — דאס איז אמת, אבער דאס גלייכסטע וואלט דאך געווען, דאס אפען צו ערקלערען און נישט ארומפיהרען א האלבע וועלט ביי דער נאז...

סערביען אבער זעהט, אז ווי אזוי די זאך זאל נישט ענדיגען, איז פאר איהם קיין שום האפנונג נישט פאראהאנען, אבצולעקען א ביינדיל ביי דער מעשה. עס האט זיך איבערדעם ענטשלאסען, ארויסצוטרעטען אפען מיט זיינע פאָרדערונגען צום לעצטען מאל. די סערבישע רעגיערונג האט דיעזע טעג ארויסגעשיקט א מעמא־אנדום צו אלע מעכטע, אין וועלכען עס ווערט פערלאנגט, ענטוועדער אויטאנאמיע פאר באסניען־הערצעגאווינא אדער א טהייל פון דיעזע פּראווינצען זאל אבגעטרעטען ווערען סערביען און מאנטענעגרא. אויב די מעכטע וועלען נישט ערפילען די ביידע פאָרדערונגען, בלייבט סערביען נישט איבריג, נאר דער קריעג...

* * *

די רעוואלוציאניסטען אין פּערזיען האבען אין די לעצטע טעג עטליכע מאל בעזיעגט דאס מיליטער פונ׳ם שאה. די וויכטיגסטע פּלעצע זענען שוין אין זייערע הענד. די אנהענגער פונ׳ם שאה ווערען וואס א מאל ווייניגער און ער וועט זיך, ווי עס זעהט אוים, נישט קענען לאנג האלטען. דער שאה איז דורך זיינע גרויזאמקייטען און אונמענשליכע פערפאלגונגען פון די געגנער אים גאנצען לאנד פערהאסט און נאר באלד קען זיין גאנצער טהראן איינשטירצען...

* * *

אין עגיפּטען מעהרען זיך די שטימען, וואס פערלאנגען די איינפיהרונג פון א קאנסטיטוציע. די רעגיערונג האט מודיע געווען, אז זי איז אים פּרינציפּ איינשטימיג דאמיט. אבער עס מוזען צוערשט געמאכט ווערען די נויטהיגע פּארבערייטונגען. — לאנג וועט מען די בעוועגונג נישט מעהר קענען צוריק האלטען.

## הומאר און סאטירע

### גליק און אונגליק.

מיין גליק איז פלינק — א פייל פון בויגען
עס קען ניט רוהען אויף איין א־ט.
עס זאגט מיר קוים נאר א גוט וואָרט
און ווערד פערשוואונדען פון די אויגען.

מיין אונגליק, אבער, איז א קריכער.
עס שלעפּט און שלעפּט זיך, ווי אהן פיס.
עס ווערד איהם נאר ביי מיר נישט מיאוס...
אה, נעה שוין, נעה א ביסעל גיכער!

י. ק.

### א ביסעל געאגראפיע.

פּראָפעסאָר: די עסטערייכישע־אונגארישע מאנארכיע צעפאלט אויף צוויי הויפּט טהייל, עסטערייך און אונגארן, און אין א דריטען נעבענטהייל: באסניען הערצעגאווינא. יעדער פון דיעזע טהיילע צעפאלט אין בעזונדערע טהיילע: עסטערייך צעפאלט אין די קעניגרייכע און לענדער: בעהמען, מעהרען, שלעזיען, גאליציען, בוקאווינא, עסטערייך, שטייערמארק, טיראל, פאָרארלבערג, איסטריען, קראין, זאלצבורג, דאלמאציען עטצ. יעדע פון דיעזע לענדער צעפאלט ווידער אין בעזונדערע טהיילע: למשל עסטערייך צעפאלט אין אבער־ און ניעדער־עסטערייך, גאליציען צעפאלט אין גאליציען, לאדאמעריען און גראסהערצאגטהום קראקוי, טיראל צעפאלט אין וועלש־טיראל און דייטש־טיראל וכדומה. — אונגארן ווידער צעפאלט אין דעם קעניגרייך אונגארן און דעם קעניגרייך קראאציען, דאס אייגענטליכע אונגארן פאר זיך צעפאלט אין אונגארן, זיעבענבירגען, באנאט עטצ., קראאציען ווידער צעפאלט אין קראאציען, סלאוואניען און דאלמאציען (דאס לעצטע געהערט נאר צו עסטערייך). — דער דריטע נעבענטהייל: באסניען־הערצעגאווינא צעפאלט...

א תלמיד (אונטערברעכענדיג): הערר פּראָפעסאָר, ווען אלעס צעפאלט און צעפאלט, וואס־זשע האלט אייגענטליך דיעזע מאנארכיע צוזאמען?

פּראָפעסאָר: דאס איז טאקי דאס מערקווירדיגע אין דער גאנצען געשיכטע!

### ס׳קען נישט זיין ווייניגער.

זי: שעמסט דיך נישט אזוי שפּעט א היים צו קומען. דער זייגער האט דאך שוין געשלאגען 1.

ער: ווילסטו אפשר, ער זאל נאך שלאגען ווייניגער ווי 1?

### טאקי רעכט.

גאסט (אין א רעסטאראציע): זעהט נאר, הערר ווירטה, איך האב אין דער זופּע געטראפען א קנאפּ! א שענע ארדנונג ביי אייך!

ווירטה: פאר די פאר קאפּיקעס וואלט איהר אפשר געוואלט געפינען א גאנצען אנצוג אין טעלער?

### א ריכטיגע תשובה.

שכור (אויפ׳ן וועג): ווי לאנג בדויך דויערן, ביז איך וועל קומען אין שטאדט אריין?

פויער: געוועהנליך א האלבע שעה. נאר איהר וועט פאריבער געהן דורך דריי קרעטשמעס.

# רעטהזעל.

(די נעמען פֿון די אויפלעזער וועלען שפּעטער פֿערעפֿענטליכט).

## שאך־אויפגאבע.

שוואַרץ




ווייס.

ווייס ציהט אין זעצט מיט דריי ציגע מאט.

## פֿון דער אדמיניסטראציע.

1) מיר מאַכען נאָכאַמאַל אויפֿמערקזאַם, אז נאר דיעיענינע אבאָנענטען, וואָס אַבאָניערען דירעקט ביי דער אדמיניסטראציע און צאָהלען אין דעם גאַנצען בעטראַג, האבען דאָס רעכט אויף די פּרעמיעס. — ראַטען־ווייז איינצאהלען ווערד נישט גערעכנעט באַ א גאַנציעהריג אבאנעמענט.

2) מיר קענען פון דעם אבאָנעמענטס־פּרייז קיינעם נישט נאָכלאזען און ווער עס שיקט וויינינער געלד, וועט בעקומען נאר אזויפיעל נומערן, פאר וויעפיעל ער האָט איינגעצאָהלט.

3) די יעניגע פֿערשלייסער, וואָס האָבען זייערע רעכנונגען נישט בעצאָהלט, וועלען שוין דיעזע נומער נישט מעהר בעקומען.

4) נומער 1, 2, 3, זענען פֿערגריפען. די נייע אבאָנענטען וועלען בעקומען די ערשטע פֿאָרטזעצונגען פֿון ראמאן „דוד שפּירא“ סעפּעראט געדרוקט.



# פרעמיעס

פאר די אבאנענטען פֿון דער

# „יודישען אילוסטרירטען צייטונג“.

א) ווער עס אבאָנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג“ דירעקט ביי דער אדמיניסטראציע אין קראקא ווענינסטענס אויף א האלב יאהר, אריינשיקענדיג דאָס געלד אים פֿאָרױס, בעקומט די נאכשטעהענדע 15 העפֿטע פֿון דעם בעריהמטען, האָכשפּאנענדען דעטעקטיוו־ראמאן „מאקס שפּיצקאָפּף“ (יודישער שערלאָק האָלמעס), וועלכע קאָסטען צוזאמען 3 קראָנען, בלויז

## פאר 1 קראָנע.

(חוץ 30 העללער פּארטא)

יעדעס העפט ענטהאלט א גאנצען אָבגעשלאָסענע האָכשפּאנענדע ערצעהלונג, קיין פֿאָרטזעצונג, מיט א שענער אילוסטראציע.

די העפֿטע ענטהאַלטען פֿאָלגענדע ערצעהלונגען:

1) געראובט צו דער שמד...
2) באַנקנאָטען פֿעלשער.
3) עלילת דם...
4) א רעטהזעלהאַפֿטער מאָרד.
5) דער שמוגגלער...
6) דאָס געפעלשטע טעסטאַמענט.
7) דער שפּיאָן.
8) דער מערכען הענדלער.
9) דער באַנק־איינברעכער.
10) די קינדער־מערדערין.
11) דער טודטען־גרעבער.
12) דאָס געהיימניס פֿון א מיליאָנער.
13) די דערטרונקענע כלה.
14) דער מיסיאָנער.
15) די נאַכטוואַנדלערין.

ב) אנשטאַט דיעזע העפטע קען מען אויך בעקומען די פאָלגענדע וויכטיגע ספרים פֿון דעם גרויסען יודישען געלעהרטען דר. ש. רובין:

א) תהלת הכסילים, ב) ספור יצירת העולם, ג) שני לוחות הפילוסופיה.

וועלכע קאָסטען 4 קראָנען, בלויז

## פאר 1.50 קראָנע.

(חוץ 30 העללער פארטא)

ג) ווער עס אבאָנירט די „יודישע אילוסטרירטע צייטונג“ אויף א גאנץ יאהר און בעצאהלט אים פֿאָרױס, בעקומט ענטוועדער די 15 העפטע מאקס שפּיצקאָפּף אָדער די ספרי דר. רובין

## גאַנץ אומזיסט.

די אבאָנענטען ברויכען נאָר צו שרייבען, וועלכע פרעמיע זיי ווינשען. האלב יעהריגע אבאָנענטען ברויכען גלייכצייטיג צוצושיקען דאָס געלד פֿאַר דער פּרעמיע.

## Wydawnictwo powieści Kraków, Grodzka 62.

# Niebywała senzacya!

# Z tajemnic wesołego świata!

Senzacyjne powieści na tle życia wielkomiejskiego.

**Już wyszły następujące zeszyty:**

1) Tajemnice szantanu czyli Warszawa w nocy.
2) Lunatyczka z Warszawy czyli Garbus hypnotyzerem.
3) Piekiełko czyli Nocne dyabełki.
4) Białe fartuszki czyli Tajemnice pokojówki.
5) Noc poślubna Sherloka Holmesa.
6) Wesoły pensyonat.
7) Rywal własnego ojca.
8) Cleo de Merode (Królewska ulubienica).
9) Dom hrabiny Gomólińskiej.
10) Ojciec handlarzem własnej córki.

**Pod prasą:**

11) Dziewczyna do wszystkiego
12) Tajemnice pensyonatu „Kukułek" czyli Szesnastoletnia uczennica.

**Każdy zeszyt stanowi dla siebie całość!**

Cena pojedynczego zeszytu **20** hal. — **10** kop

**Generalne zastępstwo dla Królestwa Polskiego:**
**J. MERECKI, WARSZAWA, Miodowa L. 12.**
Filia w Lodzi: Przejazd L. 16.



יצאו לאור מחדש בדפוס מהודר:

## תהלת הכסילים

**או צואת באור בן חמור**
הלצה
מאת דר. שלמה רובין.
הוצאה חדשה ומתוקנת ע"י המחבר. (ההוצאה הראשונה אינה במציאות)
**המחיר 2 כתרים.**

## שני לוחות הפילוסופיא

יכילו אמונות השניות (Dualismus) ודעות האחדות (Monismus)
בשלשת יסודות הפילוסופיא שהם: האלהים התבל והאדם.
מאת דר. שלמה רובין. (עם חמונת המחבר)
**המחיר כתר אחד.**

## ספור יצירת העולם

בהסכמת עם הדעה בהשתלשלות הבריאה (Evolutionismus) ועם הדעה
באחדות מוחלטת ביקום התבל (Monismus) מאת דר. ש. רובין.
**מחירו כתר אחד.**

## עץ הדעת

הוצאה שניה (ההוצאה הראשונה אינה במציאות) שמות ותבן כל החכמות
והמדעים למיניהם בתבנית עץ עם שרשיו וענפיו מאת דר. ש. רובין.
**המחיר 40 העלער** (עם המשלוח).
ארבעה הספרים נמכרים אצל המו"ל:
**JOSEF FISCHER, Buchdruckerei, Krakau, Grodgasse 62.**

ERSTE GALIZISCHE

# METH-BRAUEREI

mit Dampfbetrieb

## A. S. SPIRA, Podgórze-Krakau

**Telefon Nr. 694.**

**Empfielt vorzuglichsten Doppelt-Meth sowie alten Boutellen Meth zu aussersten Preisen.**

**Probesendungen in eleganten Blechflaschen a 4 Liter**

**Nr. 1. um K. 5. Nr. 2. um K. 4 Franko jeder Post.**

**Fur Wiederverkaufer Vorzugs-Preise.**

## Billiger unmöglich!



Eine Nickel Rement Taschen Uhr «Syst. Roskopf Patent» mit eleg. Kette und Anhänger **K. 3.50 h.**

**3 Stück — 9 K. 50 h.**

[illegible]

**Michael Horowitz**
**Krakau, Dietla 57** Oest.

[illegible]

Spezial-Verkehr nach Sud-Russland.
**N. Katzner, Sped tion u. Kommission**
Podwoloczyska, Woloczysk, Brody und Radziwilow
Feste Durchfrachten von und nach Russland.
Export von Holzwolle, Eierkistenbrettern u. Sensenwetzsteinen
**Steinkohlen, Antracit und Koks.**
Tee in Originalpaketten mit kais. russ. Kronebanderolle.

## וויכטיג פיר הויזפרויען!

די בוטטער, דיא זיא טעגליך קויפען איז אונ-בעדינגט צו טהייער. פערזוכען זיא עס איינמאל מיט דער

### פאטענט-בוטטער „מאנאפאל"

דיא זיא אים יעדען בעסערען געשעפטע ערהאלטען. מאנאפאל-בוטטער כשר מיט הכשר איזט דער קוה-בוטטער פאל-קאממען גלייך אונד ווירד וועהרענד דעם מאנאטס סעבער צום פרייזע פאן 1.20 פער $^1/_2$ קילא פערקויפט. ווא ניכט פערהאנדען ווענדע מאן זיך אן די
**Erste Oestr. Patentb. tter-Fabrik Krakau, Jasna 8.**

## Panienka lub uczeń

znajdzie troskliwą opiekę przy intel. rodzinie żyd. w Krakowie. — Fortepian w domu.
Wiadomość w Redakcyi
„Judische illustrierte Zeitung", Grodzka 62

# HOTEL-RESTAURANT

# Rosenthal

## Lemberg,

Rzeźnicka.

## זעהר וויכטיג.

זייער אויף איינען נעבענפערדיענסט טעגליך K. 25 דורך דען פערקויף פאן געזעטצליך געשטאטטעטע ראזע רעפלעקטירט. דער ריכטע זיינע אדרעססע אן
**M. KERN in Posada Olchowska**
bei Sanok.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.